דר. ד. פאסמאניק.

# די עקאנאמישע לאגע
## פון
# די יודען אין רוסלאנד.



פערלאג „קדימה“ אדעס.

די יודישע קאָלאָניזאַציאָן־חברה (יק"א) האָט אַרויסגעגעבען אַ װערק אין צװיי באַנדען איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יודען אין רוסלאַנד.

יעדער, װעלכער פערטראַכט זיך איבער דעם גורל פונם יודענטום, װעט מוזען אויסשטודירען דאָס זעהר װיכטיגע װערק, װאָס ענטדעקט פאַר אונז דאָס ערשטע מאָל כמעט אַלע פראָבלעמען װעגען דער מאַטעריעלער און גייסטיגער ענטװיקלונג פון די רוסישע יודען.

אמת, דער מאַטעריאַל איז ניט גאָר אינגאַנצען פאָלשטענ־דיג, אויך געפינט זיך אין איהם איינינע אונפונקטליכקייטען — דערויף זענען די מחברים אַליין מודה, — דאָך האָט די אויספאָרשונג פאַר אונז די גרעסטע װערט און בעדייטונג. צום ערשטען מאָל װערען מיר געװאָהר בערך אמת'ע צאָהלען פון די יודישע ערדאַרבייטער, בעלי־מלאכות און פערשידענע אַרבייטער. מיר בעקומען בקירוב אַ ריכטיגע פאָרשטעלונג איבער דער עקאָנאָמישער טיילונג פון די רוסישע יודען, איבער דער צאָהל פון הונגעריגע, האַלב־הונגעריגע, פון די װאָס פער־דינען נאָך בדחקות זייער לעבענס־מיטעל און פון די װאָס זענען מעהר אָדער װעניגער פערמעגליך. מיר קענען אויך בעסער אָב־שאַצען דעם איינפלוס פון דער געזעצגעבונג אויף דער אַלגעמיינער לאַגע פון אונזער פאָלק. ענדליך, קענען מיר אויפן גרונד פונ'ם גאַנצען מאַטעריאַל, װעלכער געפינט זיך איצט ביי אונז, פאָרשטעלען זיך די װייטערע ענטװיקלונג פונ'ם יודישען לעבען אין רוסלאַנד.

מען זאָגט, אַז טרוקענע ציפערן דערװייזען גאָר ניט. און װירק־ליך, מיר האָבען פאַר זיך גענוג ביישפילען, װי מיט די אייגענע פאַקטען

און ציפֿערן בעווייזט איינער אַ געוויסען רעיון, און אַ צווייטער — פּונקט דעם היפּך. דאָס איז גאַנץ פּשוט: די ציפֿערן זענען ניט אומשטאַנד אויפֿדעקען אַלע סבּות פֿון אַ געוויסער ערשיינונג, ווייל ניט אַלסדינג קאָן מען אַרונטערנעמען און ערקלערן דורך הוילע ציפֿערן.

נאָר, ניט קוקענדיג אויף די אַלע זאַכען, מוזען מיר מודה זיין, אַז די סטאַטיסטיק איז דאָך וויכטיג, ווייל זי גיט אונז די מעגליכקייט צו שטעלען אויפֿגאַבען, גרינדען פֿערשידענע געזיכטס=פּונקטען און פֿאָרלעגען געוויסע מיטלען. „דער זאַמעלבוך פֿון מאַטעריאַלען איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די יודען אין רוסלאַנד“ קאָן אונז דינען אַלס די ערשטע גרעסטע פּראָבע סטאַטיש אויסמאָהלען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די יודען אין רוסלאַנד, און דערמיט אַליין גיט ער שוין אונז די מעגליכקייט סיסטעמאַטיש צו דענקען איבער די פּראָבלעמען, וועלכע דאָס רופֿט=אַרויס.

פֿערשטעהט זיך, אַז דער מאַטעריאַל צווינגט ניט צו געבען איין־איינציגע תּשובה אויף דער „יודישער פֿראַגע“, ווייל אויפֿן גרונד פֿון דעם זעלבען מאַטעריאַל קען מען פֿאָרלעגען פֿערשידענע תּשובות, יעדער נאָך זיין געזיכטס=פּונקט: אַ ציוניסט אויפֿ׳ן יסוד פֿון דעם מאַטעריאַל וועט קומען צו געוויסע בעשליסונגען, אַ אַווטאָנאָמיסט — צו אַנדערע, און אַ אַסימיליאַטאָר ווידער צו גאָר אַנדערע בעשליסונגען. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך.

איבערדעם, בעמיהענדיג זיך ווי וויים מעגליך צו בלייבען אָבּיעקטיוו אין אונזערע אויספֿיהרונגען, ווען מיר זיך דאָך ניט קאָנען אויסהיטען פֿון אַ פֿאָרוואָרף, אַז מיר בעלייכטען די פֿאַקטען סוביעקטיוו; אַנדערש קאָן עס ניט זיין, ווייל דאָס בעלייכטען פֿון די פֿאַקטען הענגט אינגאַנצען אָב אינם אידעאַל, מיט וועלכען מיר נעהען צו צו זיי.

## II.

ווען מען נעהמט בעטראַכטען דעם סטאַטיסטישען מאַטעריאַל בעקומט מען דעם ערשטען איינדרוק, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פונ'ם יודענטום אין רוסלאַנד איז אַזוי שלעכט, וואָס ערגער קאָן שוין גאָר ניט זיין. די ציפערן ווייזען אונז אייגענטליך דאָס, וואָס מיר האָבען אַזוי אויך געוואוסט, צוקוקענדיג זיך צום יודישען לעבען. זיי שטעלען דאָס נאָר אַרויס מעהר בולט און שאַרפער. און ווען מיר וועלען אָנהייבען אַנאַליזירען די סבות פון דער טרויעריגער ערשיינונג, וועלען נאָך מעהר בעפעסטיגט ווערען די השערות, וועלכע מיר האָבען נאָך פריהער געהאַט: די יודען אין רוסלאַנד פערנעהמען זיך מיט אַזוינע אָבגעלעבטע פאָרמען פון עקאָנאָמישער טהעטיגקייט, וועלכע זענען פער'משפט געוואָרען דורך דער ענטוויקלונג פונ'ם עקאָנאָמישען לעבען פונ'ם לאַנד אָדער אינגאַנצען אָבצושטאַרבען, אָדער צום ווייניגסטען בעדייטענד פערקלענערט צו ווערען.

דערצו קומט נאָך צו דאָס, וואָס די יודישע מאַסע איז צוזאַמענגעפאַקט אין דער געטאָ, פון וועלכער זי האָט ניט קיין רעכט זיך אַרויסרייסען. דערפון נעמט זיך די אונגעהייערע קאָנקורענץ צווישען די יודישע ערפאָרברענגער און פערמיטלער. אָט די קאָנקורענץ, אויב זי וועט נאָך אַזוי געהן ווייטער אויך, וועט ברענגען דערצו אַז די יודישע מאַסע וועט פערלירען איהר גאַנצע לעבענס-פעהיגקייט. דאָס אַלסדינג האָבען מיר נאָך פריהער געוואוסט. נאָר מיר זענען געוואָהר געוואָרען עפּיס אַזאַ נייעס, וועלכעס האָט אַ גרויסע בעדייטונג פאַר דער ווייטערע ענטוויקלונג אין דעם מאַטעריעלישען לעבען פונ'ם יודענטום אין רוסלאַנד: מיר זענען געוואָהר געוואָרען, אַז יודען נעמען זעהר אַ קליינעם אַנטייל אין דער ענטוויקלונג פונ'ם עקאָנאָמישען לעבען אין רוסלאַנד סיי אַלס פאַבריקאַנטען, סיי אַלס פאַבריק'ס-אַרבייטער.

נאָך מעהר: מיר זענען געוואָהר געוואָרען, אַז אין דער פּראַקטיק איז די עקאָנאָמיקע שטאַרקער פון יעדער אידעאָלאָגיע, אַז אַפילו אין די פאַבריקען פון פרומע און נאַציאָנאַל-פ י ה ל ע נ ד י ג ע יודען זענען די אַרבייטער מעהרסטענטהייל ניט קיין יודען, אַז די ענטוויקלונג פון פאַבריק-פּראָדוקציאָן האָט אינגאַנצען געבראָכען פון ברויט טויזענטער יודישע בעלי-מלאכות. מיר ווייסען אַצונד, אַז האָטש די סטאַטיקע פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די רוסישע יודען קאָן מען טיילווייזע ערקלערען מיט די ספּעציעלע בעגרענצענדע געזעצען פאַר יודען, דאָך איז די דינאַמיקע להלוטין נישט אָבהענגיג פון דעם. מיר זענען געוואָהר געוואָרען, אַז די לאַגע פון דער יודישער מאַסע קאָן זיך פערבעסערען, ווען עס וועלען זיך פערענדערן די תנאים פונ׳ם יודישען לעבען אין גלות, אָבער קיין ראַדיקאַלע פערענדערונג קענען מיר ניט ערוואַרטען. מיר ווייסען איצט ווי אַזוי מען בעדאַרף אָנהייבען דעם פּראָצעס פון פערבעסערן די יודישע עקאָנאָמיקע. מיר בעדאַרפען נאָר גוט זיך איינטראַכטען אין די ציפערן, וועלכע מיר האָבען איצט, — פערשטעהן זייער בעדייטונג, פערגלייכען זיי מיט דעם וואָס מיר בעמערקען אין אַנדערע לענדער און מיר וועלען קענען קומען צו געוויסע רעזולטאַטען.

די פאָלגענדע ציפערן האָבען פאַר אונז אַ ענטשידענע בעדייטונג:

אַז מיר וועלען אָננעמען פאַר איין אמת די השערה, אַז אויסער דעם תחום, וואו יודען מעגען וואהנען, געפינען זיך יודישע בעלי-מלאכות ביז 9—10 טויזענד, וועט אויסקומען די גאַנצע צאָהל פון יודישע בעלי-מלאכות בעטרעפט איין ערך 510000, פון וועלכע עס וואהנען אין דעם תחום . . . . 501000.

דערביי ווייזט זיך אַרויס, אַז ניט קוקענדיג אויף דער עמיגראַציע און דער פערגרעסערונג פון די פאַבריקאַציאָנס-פּראָדוקטען, איז די צאָהל פון די יודישע בעלי-מלאכות אינ׳ם משך פון 1887 ביז 1898 יאָהר ניט נור פערגרעסערט געוואָרען אַבסאָליוט, נאָר אויך פערהעלט-

ניסמעסיג: אינ'ם יאָהר 1887 האָבּען זיך געפֿונען 293509 יודישע בעלי־מלאכות, ד. ה. 11,7 % פֿון דער גאַנצער יודישער בעפֿעלקערונג, און אינ'ם יאָהר 1898 — 381615, וועלכע בעטרעפֿען שוין 14,1% פֿון די יודען אין רוסלאַנד.

דערצו איז אינטערעסאַנט צו בּעמערקען, אַז אין דעם משך האָט זיך די צאָהל פֿון די יודישע בּעלי־מלאכות אין די גובּערניעס: גראָדנער, מינסקער, פּאָלטאַווער, בּעסאַראַבּער און יעקאַטערינאָסלאַווער פֿערגרעסערט נאָר אַבּסאָליוט ניט פֿערהעלטניסמעסיג, ד. ה., די צאָהל פֿון די בּעלי־מלאכות האָט זיך ניט פֿערגרעסערט לויט די פֿערגרעסערונג פֿון דער יודישער בּעפֿעלקערונג, און אין ווילנער גובּערניע האָט זיך די צאָהל פֿון די יודישע בּעלי־מלאכות פֿערקלענערט אַבּסאָליוט (אויף 1420) און פֿערהעלטניסמעסיג אויף 0,7%.

אויף דער ערשײַנונג איז כּדאַי זיך אָבּצושטעלען צו בּעטראַכטען, ווײַל די ערקלערונג פֿון די מחבּרים פֿונ'ם זאַמעלבּוך, אַז די סבּה פֿון דעם איז אין דער פֿערגרעסערונג פֿון דער עמיגראַציע, קאָן מען אָננעמען נאָר פֿאַר איינינע גובּערניעס, אי דאָס אויך מיט געוויסע בּעגרענצונגען, פֿאַר אַנדערע גובּערניעס אָבּער — קאָן די ערקלערונג לחלוטין ניט אַיינגעהן. דאָס איז זיכער, אַז פֿון פּאָלטאַווער, בּעסאַראַבּער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובּערניעס האָט מען בּיז 1898 יאָהר לחלוטין ניט עמיגרירט; פֿערקערט, פֿיעל האָבּען אַהין עמיגרירט פֿון ליטאָ און פּוילין. אינ'ם משך פֿון 1881 — 1897 יאָהר האָט זיך די יודישע בּעפֿעלקערונג אין די דרײַ גובּערניעס בּעדײַטענד פֿערגרעסערט: אין בּעסעדאַבּער אויף 34%, פּאָלטאַווע — 32% און יעקאַטערינאָסלאַווער גאָר אויף 113%. ווידער זעהן מיר, אַז אין די גובּערניעס פֿון וועלכע די יודען האָבּען עמיגרירט מאַסען־ווײַז, האָט זיך דאָך די צאָהל פֿון די יודישע בּעלי־מלאכות פֿערגרעסערט. אַזוי, למשל, איז די יודישע בּעפֿעלקערונג אין קאָוונער גובּערניע פֿערקלענערט געוואָרען אויף 21%, און די צאָהל פֿון די בּעלי־מלאכות איז פֿערגרעסערט געוואָרען אויף 3,4%. אין וואָס־זשע ליגט פֿאָרט די אמת'ע סבּה פֿון

דער ערשײנונג? אונז דוכט זיך, אַז דאָס קאָן מען ערקלערען נאָר
דערמיט, וואָס אַ טײל פון די בעלי=מלאכות, אַבי זײ בעקומען נאָר
די מעגליכקײט, האַפּען זיך צו אַנדערע בעשעפטיגונגען, ווײל די
מלאכה בעלוינט זײ זעהר ווייניג. עס וואָלט אַודאי זעהר אינטערעסאַנט
געווען צו וויסען צו וואָס פאַר אַ מינים בעשעפטיגונגען געהען איבער די
בעלי=מלאכות, — דערויף האָבען מיר אָבער ניט קײן שום סטאַטיסטישען
מאַטעריאַל; נאָר, דאַכט זיך, מיר וועלען קײן טעות ניט האָבען, ווען
מיר וועלען זאָגען, אַז נאָר אין גראָדנער און אין מינסקער גובערניעס
ווערען זײ פאַבריק= און קוסטאַר=אַרבײטער, און אין די דרום=גובערניעס
זענען פאַרהאַנען נאָר צווײ מינים בעשעפטיגונגען, צו וועלכע די בעלי=
מלאכות קאָנען זיך נעמען אין דער גרעסטער נויט: קלײן=האַנדעל
און טאָג=אַרבײט. און דאָרטען, וואו די צאָהל פון די בעלי=מלאכות
פערגרעסערט זיך, איז עס ניט ווײל די מלאכה פערזאָרגט מיט אַ גוּ=
טער פרנסה, נאָר דערפאַר, וואָס זי איז מציל לכל=הפּחות פון הונ=
גער=טויט.

מיר זעהען, אַז יודען בעשעפטיגען זיך על=פּי=רוב מיט אַזעלכע
מלאכות, וועלכע לײדען מעהר דורך דער קאָנקורענץ פון דער פאַב=
ריקאַציאָנס פּראָדוקציאָן און ווייניגער פון אַליץ מיט די מלאכות, וואָס
האָבען קײן מורא ניט פאַר דער פאַבריק=קאָנקורענץ. וואָס מעהר
די מלאכה פאָדערט פאָרבערײטונג און אינדיווידואַליזירונג פון דער
אַרבײט, אויף אַזוי פיעל ווייניגער בעשעפטיגען זיך מיט איהר יודען.
אַ'ן ערך פון 80 פּראָצענט יודישע בעלי=מלאכות מוזען שוין קעמפּפען
מיט די פאַבריקען, און דער קאַמפּף וועט זיך אין שפּעטערדיגע צײטען
נאָך מעהר פערגרעסערן מיט דער ענטוויקלונג אין רוסלאַנד פון דער קאַ=
פּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. קומט=אויס, אַז צוליעב דער פערגרעסערונג
פון דער קאָנקורענץ, מוז די לאַגע פון די יודישע בעלי=מלאכות אַליץ
ערגער ווערען. דערצו וועלען נאָך אויך מיטהעלפען די פּראָגרעסיווע
פערגרעסערונג פון דער פרויען אַרבײט פון איין זײט, און די פער=

מעהרונג פֿון דער צאָהל נִיט-יודִישע בעלי-מלאכות פֿון דער אַנדער זייט.

אויף אַזאַ אופֿן ווערט בעקומען אַ שרעקליכע בילד פֿון דער לאַגע פֿון די יודישע בעלי-מלאכות.

„די געמיינע אַרבייט פֿון די בעלי-מלאכות“, ווייל זיי האָבען נִיט די מעגליכקייט צו ספּעציאַליזירען זיך אין זייער פֿאַך, „דאָס איז איינע פֿון די הויפּט-סבות פֿון זייער אָרעמקייט“. נאָך מעהר אַז „דער אָרעמער, אונוויסענדער אָבנעמער, ווי למשל, דער פּויער אָדער נִיט-פֿערמעגליכער שטאָדט-איינוואהנער, צוליעב מאַנגעל אין מיטלען, קען זיך נִישט פֿערגינען דאָס נייטיגסטע און זוכט קודם-כל די ביליגערסטע אַרבייט, נִיט קוקענדיג אויף איהר געמיינהייט“. נאָך אונזער מיינונג, איז די לעצטע סבה דער עיקר, ווייל אין אַלע לענדער און אין אַלע צייטען איז דאָס אויפֿבליהען פֿון די מלאכות ענג פֿערקניפּט מיט'ן אויפֿבליהען פֿון דער ערד-אַרבייט. אין דער שלעכטער לאַגע פֿון די בעלי-מלאכות איז וועניגער שולדיג די ענטוויקלונג פֿון פֿאַבריקס-פּראָדוקציאָן, ווי דער אַגראַרנער קריזיס, וועלכען עס לעבען איבער די ערד-אַרבייטער“.

פֿונ'ם זאַמעלבוך ווערען מיר ווייטער געוואָהר, אַז אויף 259366 יודישע מייסטערם (52 פּראָצענט) געפֿינען זיך 140528 הילפֿסגעזעלען (28 פּראָצענט) און 101062 לערניונגליך (20 פּראָצענט), אָדער — דורכשניטליך קומט אוים — איין הילפֿסגעזעל צו איין לערעניונגעל אויף יעדען מייסטער. דאָס בעווייזט, אַז די צוטיילונג פֿון דער אַרבייט איז זעהר וועניג ענטוויקעלט ביי אונזערע בעלי-מלאכות. די אויספֿאָרשער דערווייזען, אַז אפילו ביי אַזעלכע מלאכות, וועלכע פֿאָדערן זעהר וויכטיגע טעכנישע פֿערפֿאָלקאָמענונגען, ווערט דאָך נִיט בעשטענדיג בענוצט די ספּעציאַליזירונג פֿון דער אַרבייט. און די ערשיינונג ערקלערט זיך אויך דורך דעם, וואָס די פֿאָדערונגען פֿונ'ם אָרעמען אָבנעמער זענען זעהר קליינע: „זאָל די אַרבייט זיין ווי אַזוי נִיט איז, אַבי עס זאָל זיין וואָס ביליגער“.

דורך אָט די אַלע סבות איז די לאַגע פֿון די יודישע בעלי=מלאכות אַזוי אומגליקליך. „פֿון די געבראַכטע פֿאַקטען איבער דעם דורכשניטליכען יעהרליכען פֿערדינסט פֿון די יודישע בעלי=מלאכות קאָן מען אַרויסזעהן, אַז ווען אַפילו די מײַסטערס זאָלען האָבען אַרבייט אַ גאַנץ יאָהר און פֿאַר דער געוויסער פּרײַז, וואָלט אויך דענסטמאָל זייער לאַגע ניט געווען גוט. נאָר אין דער ווירקליכקײַט איז דאָס מיזערנע מיטעלסטע פֿערדינסט פֿאַרן גרעסטען טייל פֿון די יודישע בעלי=מלאכות נאָר אַ בלויזע פֿאַנטאַזיע“, אין די הילפֿסגעזעלען „מוזען זיך געוועהנליך בעגניגען מיט דער העלפֿט דערפֿון, וויפֿיעל עס פֿערדינט אַ מײַסטער“. דער רעזולטאַט דערפֿון איז דאָס, אַז ראשית, „בעשעפֿטיגען זיך די בעלי=מלאכות אין איין צײַט מיט פֿערשידענע פּראָפֿעסיעס, וועלכע האָבען ניט צווישען זיך קיין שום שײַכות“, ד. ה., ווען ס'איז נישטאָ קיין אַרבייט, — ווערט דער בעל=מלאכה אַ טאָגאַרבייטער אָדער אַ קליין=הענדלער; היינט ווידער ווערען אַ טייל בעלי=מלאכות אויף תמיד פּשוט'ע קבצנים, וועלכע לעבען פֿון קצבה אָדער שטאַרבען פֿון הונגער. „די גרעסטע טייל יודישע בעלי=מלאכות אין אַלע שטעדט פֿון דעם תחום, וואו יודען מעגען וואהנען, געפֿינט זיך אויף דער גרעניץ פֿון קבצנות“ — אָט צו אַזאַ טרויעריגען סך=הכל זענען געקומען אונזערע אויספֿאָרשער.

איידער מיר וועלען ענדיגען די אָבטיילונג איבער די בעלי=מלאכות, בעדאַרפֿען מיר נאָך בעצייכנען די פֿאַקטען פֿונ'ם זאַמעלבוך איבער די יודישע בעלי=מלאכות פֿון אויסער דעם „תחום“. אַסך האָפֿען דאָך, אַז, ווען מען וועט מבטל זײַן די „טשערטאַ“, וועט זיך די לאַגע פֿון די יודישע בעלי=מלאכות ראַדיקאַליש פֿערבעסערן. מיר זעהען אָבער, אַז אויסער דעם תחום זענען די יודישע בעלי=מלאכות צוטיילט אין די אייגענע צאָהל=פֿערהעלטניס, ווי אין תחום. סײַ דאָ, סײַ דאָרטען איז זעהר ווייניג ענטוויקעלט די ספּעציאַליזירונג פֿון דער אַרבייט. און דאָ קומט אויך אויס אין דורכשניט אויף יעדען

מייסטער איין הילפֿסגעזעל און איין לערעניונגעל. נאָר ווייכטיגער פֿון אַלעמען איז נאָך דאָס, וואָס אין די יודישע ווערקשטאַטען אַרבייטען אַסך מעהר ניט־יודען, ווי יודען. דאָס איז ניט גלאַט קיין צופֿאַל. אין דעם זענען אויך ניט שולדיג די יורידישע בעדינגונגען, אין וועלכע עס געפֿינט זיך דער יודישער בעל־מלאכה אין די איניוועניגסטע גובערניעס. דאָ בעווייזט זיין איינפֿלוס דאָס מאַסען־געזעץ: די גרעסטע טייל בעפֿעלקערונג אין די ערטער איז ניט קיין יודישע, איבערדעם מוז זי געוועלטיגען אין אַלע פֿאָרמען פֿון דער עקאָנאָמישער טהעטיגקייט; איבערדעם וואָס מעהר די יודישע בעלי־מלאכות וועלען זיך בעזעצען אין די איניוועניגסטע גובערניעס, וועלען אַלץ מעהר די ניט־יודישע בעלי־מלאכות זיין פֿריהער זייערע לערעניונגליך, און דערנאָך — זייערע קאָנקורענטען. דאָס מאַסען־געזעץ האָט ניט קיין איינפֿלוס נאָר אין אַזוינע פּראָדוקציאָנען, וועלכע טראָגען אויף זיך דעם האַראַקטער פֿון מאָנאָפּאָל, אָדער ווען דער אַרבייטס־לוין איז שוין גאָר קליין. נאָר אַזוי ווי די בעדערפֿנישען פֿונ׳ם יודישען בעל־מלאכה זענען על־כל־פּנים ניט קלענער פֿון די בעדערפֿנישען פֿונ׳ם ניט־יודישען בעל־מלאכה, מוז דאָס גאַנץ נאַטירליך ברענגען דערצו אַז עס זאָל זיך פֿערגרעסערן די צאָהל פֿון די בעלי־מלאכות אויך צווישען ניט־יודען. דערצו ברענגט נאָך מיט דאָס, וואָס יודען על פּי רוב בעשעפֿטיגען זיך מיט אַזוינע מלאכות, וועלכע פֿאָדערען ניט קיין בעזונדער שווערע הכנות.

III.

דאָס האָט מען געקענט בעמערקען אין אַלע לענדער, אַז די ענטוויקלונג און פֿערגרעסערונג פֿון דער אינדוסטריע ברענגט דערצו, וואָס פֿון אַ טייל בעלי־מלאכות ווערט פֿאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט, און די איבעריגע טייל פּאַסט זיך צו צו די נייע לעבענס־בעדינגונגען

דורך דער אײנפֿירונג פֿון די נײַע אָרגאַניזאַציאָנס־פֿאָרמען אין דער מלאכה און דורך דעם איבערגעהן צו נײַע מלאכות, װעלכע די גרױס־אינדוסטריע אַלײן רופֿט אַרױס. די זעלבע ענטװיקלונג קענען מיר ערװאַרטען אױך אין רוסלאַנד. איבערדעם הײבען־אָן די אױספֿאָר־שער די אָבטײלונג איבער פֿאַבריק־אינדוסטריע מיט די װערטער: „פֿאַר די אױספֿאָרשער פֿון דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די יודען אין רוסלאַנד האָט די פֿראַגע איבער דער צוקונפֿט פֿון פֿאַבריק־אינדוסטריע אַ בעזונדערען אינטערעס... די גרעסטע טײל פֿון דער יודישער מאַסע געהט אַרונטער אונטער דעם טיף פֿון דעם פֿעראָרעמטען פּראָלעטאַריאַט אָהן שום קענטעניסען און אָהן פּראָדוקציאָנס־געצײַג, װעלכע עס פֿאָדערן אַזױ שטאַרק די גרױס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען... דעריבער װאָלט דער איבערגאַנג פֿון רוסלאַנד צו גרױס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען געקענט עפֿ־נען אַ װעג פֿאַר מיליאָנען הונגעריגע יודען און זײ געבען די מעגליכ־קײַט מיט דער צײַט צו־לעגען זײערע כּוחות אין פֿערשידענע פֿאַכען פֿון דער פֿאַבריקס־אינדוסטריע".

מיר בעדאַרפֿען בעמערקען, אַז פֿאַר די גרױס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען איז גאַנץ גענוג אַ פּראָלעטאַריאַט אָהן פּראָדוקציאָנס־געצײַג, װײַל דער פּראָלעטאַריאַט אָהן שום קענטניסען איז פֿאַר זײ ניט קײן מעלה, נאָר גאָר אַ גרױסער חסרון. װי מיר װעלען װײַטער זעהן, זענען די מחברים פֿונ'ם זאַמעלבוך אַלײן אױך מודה, אַז דאָס „אינגאַנצען אונװיסענשאַפֿט" צװישען דער יודישער מאַסע מאַכט זײ אונפֿעהיג צו דער פֿאַבריקס־אַרבײט. הײַנט בעדאַרף מען זײַן שױן צו אַ גרױסער אָפּטימיסט צו רעכנען, אַז מיט „דעם איבערגאַנג פֿון רוסלאַנד צו גרױס־קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, קאָן זיך עפֿנען אַ װעג פֿאַר מ י ל י אָ נ ע ן הונגעריגע יודען", װען אין גאַנץ רוסלאַנד אינ'ם יאָהר 1897 האָבען זיך סך־הכּל געפֿונען נאָר צװײ מיליאָן פֿאַבריקס־אַרבײטער. צום בעװײַזען, גלױבען אין דעם אַ סך פֿון אונ־זערע פּראָגרעסיסטען און רעכנען, אַז דערמיט, װאָס די אָרעמע יודישע

מאַסע װעט איבערגעהן צו פֿאַבריקס־בעשעפֿטיגונגען, װעט פֿערענטפֿערט װערען די גאַנצע יודישע פֿראַגע.

צום סוף אָבער, װי װײַט איז די װירקליכקײַט פֿון אַט די אַלע השערות און דמיונות! װי אַזױ װײַט איז נאָך די גרױסע יודישע הױלע מאַסע פֿון פֿאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט!

און אַזױ װי מיר װעלען װײַטער זעהן, זעגען פֿאַר דער יודישער מאַסע פֿערשלאָסען נישט נאָר די ניט־יודישע, נאָר אַפילו אויך די יודישע פֿאַבריקען.

אין דעם גאַנצען תחום, צו־גערעכענט פּױלען אויך, געפינען זיך 45506 יודישע פֿאַבריקס־אַרבײַטער, הײנו:

| | | |
|---|---|---|
| אין פּױלען . . . . . | 12.380 | יוד. פֿאַבר. אַרבײַטער |
| אין צפונית־מערבית געגענד | 22.252 | |
| אין דרומית־מערבית געגענד | 8.978 | |
| אין דרום געגענד . . | 1.896 | |
| סך־הכל . . . . . . | 45.506 | יוד. פֿאַב. אַרבײַטער. |

קומט אויס, אַז די יודישע פֿאַבריקס־אַרבײַטער שטעלען פֿאָר װעניגער פֿון 1 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער יודישער בעפֿעלקערונג. פֿאָלגליך, קאָן מען אין דעם מאָמענט בשום אופן ניט זאָגען, אַז דער גרל פֿון דער קלײנער גרופּע יודישע פֿאַבריקס־אַרבײַטער הײסט דער גורל פֿון דער קלײנער גרופּע יודישע פֿאַבריקס־אַרבײַטער הײסט דער די פֿאַקטען, װעלכע געפינען זיך אין זאַמעלבוך, מיר זאָלען בײַען אונזער האָפֿנונג אויף אַ בעסערע צוקונפֿט.

צום בעדױערן, געפינען מיר ניט אין זאַמעלבוך קײן פֿערגלײַכס־מאַטעריאַל איבער דער צאָהל פֿון די יודישע פֿאַבריקס־אַרבײַטער פֿאַר אַ געװיסען פּעריאָד. דערפֿאַר אָבער האָבען מיר אַ גאַנצע מאַסע אַנדערע פֿאַקטען, װעלכע װעלען אונז העלפֿען צו קלאָר מאַכען די זאַך.

צום ערשטען וועלען מיר מאַכען אויפמערקזאַם, אַז די קלענ־סטע צאָהל יודישע פֿאַבריקס־אַרבייטער געפֿינט זיך „גראַדע אין די גובערניעס, וואו די צאָהל פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג איז גרויס“.

מיר וועלען זעהן צונויפשטעלען אָביעקטיוו די אַלע פֿאַקטען, וועלכע מיר האָבען.

---

## I. גערילך־געשעפֿט.

אין צפונית־מערבית געגענד „געהערט די גרעסטע טייל ווע־מיהלען (טראַטשקעס) צו די יודען, היינו 66,3% פֿון אַלע ווענמיהלען, אויף וועלכע עס אַרבייטען 70,2% פֿון אַלע אַרבייטער, דאָך „איז די צאָהל פֿון די יודישע אַרבייטער אויף די אַלע זאַוואָדען זעהר אַ קליינע“, ס״ה: 18,3 פּראָצענט. אי דאָס „בע־שעפֿטיגען זיך די יודען גרעסטענטיילס ניט אין זאַוואָד אַליין, נאָר אַלס אויפזעהער, קאָנטאָרשטשיקעס און ד. ג.“ די מחברים פֿונ׳ם זאַמעלבוך ערקלערען דאָס דערמיט, „וואָס פֿיעל ווענמיהלען (פֿאָלגליך ניט אַלע) געפֿינען זיך אויסער דעם תחום פֿון די שטעדט און שטעדטליך, אויך שטערט די יודען אין דער אַרבייט די שבת־רוה און דער מאַנגעל פֿון כשר עסען“. מיר וועלען ווייטער זעהן, אויף וויפֿיעל די ערקלערונג איז ריכטיג.

די גרעסטע ווענעמיהלען געפֿינען זיך אין דרומית־מערבית גע־גענד, איבערהויפט אין קרעמענטשוג, וואָס געפֿונט זיך אין תחום. און וואָס זעהן מיר? די צאָהל פֿון די יודישע ווענעמיהלען אין דער געגענד בעשטעהט פֿון 60 פּראָצענט פֿון אַלע. אַרבייטער אויף די יודישע ווענעמיהלען געפֿינען זיך 55 פּראָצענט, און די צאָהל פֿון אַלע יודישע אַרבייטער אין זיי איז איבער גאָר 6,5 פּראָצענט (227 יודען צווישען 3524 אַרבייטער). דערצו „אין צעהן גרויסע ווענעמיהלען אין קרעמענטשוג האָט זיך ניט געפֿונען קיין איינציגער יודישער אַר־בייטער. דאָרטען האָבען נאָר געדינט 51 יודישע אויפזעהער“.

דאָס אייגענע איז אויך אין דרום=געגענד. דערפֿון קען מען אַרויסזעהן, אַז ניט דער תּהום און אויך ניט די שבת=רוה שטערען די יודען צו אַרבייטען אין די זעגעמיהלען. מוז מען, הייסט עס, זוכען נאָך אַנדערע סבּות. בעסער האַלט עס בּיי די האָלץ=בּעאַרבייטונגס פֿאַבּריקען אין די צפֿונית=מערבית'דיגע גובערניעס, אין וועלכע עס אַרבייטען ס"ה 2240 מענשען, פֿון זיי 1012 יודען (איין ערך פֿון 45 פּראָצענט), „וואָס ערקלערט זיך, נאָך דער מיינונג פֿון די צונויפֿשטעלער פֿונ'ם זאַמעלבוך, טיילווייזע דערמיט, וואָס די פֿאַבּריקען געפֿונען זיך אין די שטעדט און טיילווייזע, ווייל אויף די זאַוואָדען פֿאָדערען זיך מעהר ספּעציאַליסטען בעלי=מלאכות". דאָס הייסט, אַז יודען אַרבייטען איבּערהויפּט אין אַזוינע פֿאַבּריקען, וואו די אַרבייט האָט אַ פּנים פֿון הויז=אינדוסטריע, און מען בענוצט זיי אַלס בעלי=מלאכות, ניט אַלס פֿאַבּריקס=אַרבייטער. אָבער קוים ווערען די אַנשטאַלטען מעכאַניש, ד. ה. זיי ווערען פֿאַבּריקען,—ווערט באַלד פֿון זיי פֿערשוואונדען דער יודישער עלעמענט. איבּערדעם זענען אין דרום געגענד, וואו די אַנשטאַלטען טראָגען אויף זיך דעם כאַראַקטער פֿון פֿאַבּריקען, די יודישע אַרבּייטער אַזוי ווינציג. אין אַלע אָדעסער פֿאַבּריקען איך צו בעאַרבייטען האָלץ האָבען ס"ה געאַרבּייט 26 יודישע אַרבּייטער.

אין די שוועבעלעך=פֿאַבּריקען איז דוקא דער פּראָצענט פֿון די יודישע אַרבייטער אַ גרויסער: אין צפֿונית=מערבית געגענד האָבען זיך געפֿונען אינ'ם 1897 יאָהר 13 שוועבעליך=פֿאַבּריקען, אין וועלכע ס'האָבען געאַרבּייט 3500 אַרבּייטער, צווישען זיי 2986 יודען. נאָר דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס „דער גרעסטער פּראָצענט אַרבּייטער בעשעפֿטיגט זיך ניט אין דער פֿאַבּריקס=אַרבּייט אַליין, נאָר בּיי די זייטיגע פֿאַכען פֿון דער אַרבּייט, וועלכע האָבען אַ ווייניג שייכות מיט דער פֿאַבּריק זעלבּסט." דער בּיי שטערט אויך ניט „די שבת=רוה די יודען אין זייער אַרבּייט, ווייל די אַרבּייט ווערט אָבגעצאָהלט פֿון שטיק". אַלץ דאָס זעלבּע: די יודען אַרבּייטען אין די שוועבעליך=פֿאַבּריקען

ניט אלס פאבריקס־ארבייטער, נאר אלס ק ו ס ט א ר ע ן, ווי עס בעווייזט אויף די צוטיילונג פון דער ארבייט נאך געשלעכט און געוואוקס: 902 מענער, 1547 פרויען און 536 קינדער (סך־הכל 2986).

בעטראכטענדיג דעם מאטעריאל פונ'ם געהילף־געשעפט, קומען מיר צו דעם וויכטיגען בעשלוס: יודען קאנען נאך טיילווייזע בעקומען ארבייט אין די פאבריקען, וועלכע געהערען אויסשליסליך יודען. אין די ניט־יודישע פאבריקען קאנען די יודען ניט געפינען קיין ארבייט אפילו אלס האנד־ארבייטער (קוסטארען). דער יודישער הוילער פראלעטאריאט" איז פשוט פערארינטערעסירט אינ'ם אויפבליהען פון יודישע קאפיטאליסטען.

## II. די בעארבייטונג פון מינעראל־מאטעריאלען.

אין צפונית־מערבית געגענד געפונען זיך 129 ציגעל־פאבריקען, פון וועלכע די העלפט געהערט צו די יודען. סך־הכל אין אלע פאבריקען ארבייטען 2271 מענשען, אין די יודישע — 1265, פון וועלכע 1079 זענען יודען. אויך דא ארבייט פערהעלטניסמעסיג א גרויסער פראצענט יודען, נאר דא אויך בעמערקען די מחברים: „אויף וויפיעל ס'איז אונז בעקאנט, זענען די יודען זעהר זעלטען בעשעפטיגט ביי דער ציגעל־ארבייט גופא, די הויפט־ארבייט זייערע בעשטעהט נאר אין צופיהרען די פארטיגע ציגעל איבער דער שטאדט". איין אויסנאהם שטעלט נאר פאר גראדנער גובערניע, וואו אין אלע ציגעל־פאבריקען ארבייטען 895 מענשען, אין די יודישע—634, פון וועלכע 531 זענען יודען (98 מענער, 431 פרויען און 2 קינדער).

גאניץ אנדערש קומט־פאר אין דרומית־מערבית און אין דרום געגענד: אין ערשטען געפינען זיך אין יודישע הענד 24,8 פראצענט פון דער גאנצער צאהל פאבריקען. די צאהל פון די ארבייטער אין די יודישע פאבריקען איז 32 פראצענט פון אלע ארבייטער (1585 אויף 5986), און יודישע ארבייטער געפינען זיך אינגאנצען 65 1)

פּראָצענט). און אין דרום=געגענד צעהלען זיך פֿון די 4087 אַרבּייטער אין אַלע פֿאַבּריקען—368 אין די יודישע פֿאַבּריקען און אינגאַנצען 4 יודישע אַרבּייטער.

דאָס אייגענע קומט=פֿאָר אויך בּיי פֿאַבּריקאַציאָן פֿון קאַבּליעס. נאָר דאָ ערקלערט זיך דער קלענער אַנטהייל פֿון די יודישע אַרבּייטער, אויסער יענער געוויסער סבּה (שבּת=רוה), נאָך מיט אַ נייער, מיט וועלכער מיר וועלען זיך נאָך אָפּט בּעגעגנען: „צום בּעדויערן, דער מאַנגעל אין ספּעציאַליזירטע יודישע מייסטערס טאָרמאַזירט דאָס בּענוצונג פֿון דער יודישער אַרבּייט ניט נאָר אין דער קאַבּעל=פּראָדוקציאָן אַליין, נאָר אויך אין פֿיעלע אַנדערע פּראָדוקציאָנען“. די מחבּרים בּעמיהען זיך אייגענטליך אַהער אויך צו=געבּען די סבּה פֿון שבּת=רוה: „אַזוי ווי די מייסטערס אין די קאַבּעל=פֿאַבּריקען זענען כּסדר קריסטען, וועלכע אַרבּייטען ניט זונטאָג, לוינט ניט האַלטען יודישע אַרבּייטער, וועלכע בּעדאַרפֿען רוהען שבּת“. נאָר די מחבּרים אַליין פֿיהלען, אַז די ערקלערונג איז צו שוואַך. זיי אַליין בּעמערקען, אַז „דאָ וואָלט אַפילו געוועזען זעהר לייכט צו בּענוצען זיך מיט יודישע אַרבּייט, ווייל עס עקזיסטירען אַרבּייטער=גרופּען ווי: פֿאָרמירער, שלייפֿער און ד. ג., וואָס זייער אַרבּייט איז ניט פֿערבּונדען דירעקט מיט'ן אויוועֶן און מיט'ן אָבּבּרענען פֿון די קאַבּליעס“. הייסט עס, אַז די אמת'ע סבּה איז ניט דער זונטאָג= און שבּת=רוה, נאָר גאָר אַ גאַנץ אַנדערע. אָט זעהען מיר, למשל, אין שטעדטיל גאָראָדנישטשע, נאָוואָהלינער אויעזד, אַרבּייטען אין אַ יודישער פּאָרצעלייַ=פֿאַבּריק 250 אַרבּייטער, פֿון זיי 200 יודען, און „די יודען האָבּען געאַרבּייט אין די פֿאָרם=ווערקשטעלען, בּיי די אויוועֶנס און אין דער פֿאַרבּערייַ אָבּטיילונג“. אין שטעדטיל פּאלאָנאיע, דעם אייגענעם אויעזד, געפֿינט זיך אויך אַ יודישע פּאָרצעלייַ=פֿאַבּריק, וואו עס זענען בּעשעֶפֿטיגט 134 אַרבּייטער, צווישען זיי 120 יודישע. ווי מען זעהט פֿון די פֿאַקטען, איז די שבּת=רוה ניט די הויפּט=סבּה, וואָס שטערט די יודען צו אַרבּייטען אין די פֿאַבּריקען. איבּעריגענס, דער העֶר האָראָש האָט

שוין בעמערקט, אַז אין אייניגע ערטער, ווי אין פּינסק, האָבען די יודישע פאַבריקאַנטען גענצליך איינגעפיהרט אין זייערע פאַבריקען די שבת־רוה פאַר זייערע יודישע אַרבייטער.

נאָר לאָמיר זיך אומקערען צו די פאַקטען.

אין די צעמענט־ אויך אַלבאַסטער־פאַבריקען אַרבייטען ניט קיין יודען; אין די שטיינברעכערייען פון דער דרומית־מערבית געגענד, וועלכע געהערען אַלע צו יודען, אַרבייטען זעהר וועניג יודען. אין גלאָז־פּראָדוקציאָן „נעהמען די יודישע אַרבייטער זעהר אַ קליינעם אַנטייל“, אי דאָס נאָר אַלס פּערפּאַקער, סאָרטירער און אַנדערע פּשוט׳ע אַרבייטען. „אין די שאַכטען און אַייזען־גרובען אַרבייטען ניט די יודען. געוויס וועט זיי זיין זעהר שווער זיך צו־שלאָגען צו די אַרבייטען“, און מיר בעדאַרפען די׳ערביי ניט פערגעסען, אַז אין די קויהלען־ און אַייזען־גרובען האָבען זיך בעשעפטיגט אין 1897 יאָהר (אין גאַנץ רוסלאַנד) 336,592 אַרבייטער.

## III. די בעאַרבייטונג פון געטריידע־פּראָדוקטען און פלאַנצען־מאַטעריאַלען.

אין מיהל־געשעפט, אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע געשעפטען, בעמערקט מען, ערשטענס, אַז נור די קלענערע מיהלען, וועלכע פאָדערן ניט קיין גרויסע קאַפּיטאַלען, געהערען די יודען (הויך אין דרום־געגענד), צווייטענס, אַז יודען־אַרבייטער בעגעגנען זיך נאָר אין די יודישע מיהלען, אָבער נישט מעהר ווי אין דער צאָהל פון אַ דריטעל אָדער אַ פערטעל, הגם די אַרבייט דאָ איז גאָר אַ פּראָסטע. די עהל־פאַבריקען זענען איין אויסנאַהמע: זיי געהערען על פּי רוב צו די יודען און די צאָהל פון די יודישע אַרבייטער דערגרייכען אין זיי ביז דריי פיערטעל פון אַלע אַרבייטער.

די ווײַנברענערייען, וועלכע זענען פריהער געוועזען גרעסטענטיילס אין יודישע הענד, פערלירען, דורכ׳ן איינפיהרען פון דער מאָנאָפּאָליע אויף בראַנפען, זייער גאַנצען בעדײַטונג סײַ פאַר׳ן יודישען

קאַפּיטאַליסט, סײַ פֿאַר'ן יודישען אַרבּײטער. אַ דאַנק דעם מאָנאָפּאָל,
װעגען טױזענטער יודישע פֿאַמיליעס געבּליבּען „הױלע פּראָלעטאַריער“.

דער טאַבּאַקס=פּראָדוקציאָן שטעלט=פֿאָר װעהר אינטערעסאַנטע
אײגענטימליכקײטען. „דער טאַבּאַקס=פּראָדוקציאָן און דער האַנדעל
מיט איהם געפֿינען זיך שױן פֿון לאַנגע צײַטען גרעסטענטײלס אין
יודישע הענד. פֿון די 110 פֿאַבּריקען פֿון טאַבּאַק און מאַכאָרקע,
װאָס האָבּען עקזיסטירט אין יאָהר 1897, האָבּען 83 געהערט צו
יודען“. און אַזױ קומט אױס, אַז „אין טאַבּאַק=פּראָדוקציאָן דערגרײכט
דער יודישער אַרבּײטער עלעמענט בּיז 90 פּראָצענט“. און דאָ ענדליך
דעקען אױף די צונױפֿשטעלער פֿונ'ם זאַמעלבּוך דעם רײנעם אמת:
„אַזאַ גרױסע צאָהל יודישע אַרבּײטער, בּעמערקען די מחבּרים, טרע=
פֿען מיר ניט כּמעט אין קײן שום אַנדערע פּראָדוקציאָנען, און דאָס
איז גראַדע אַזאַ מין פּראָדוקציאָן, װעלכער, אין ענין פֿון זײַנע שעד=
ליכע פֿאָלגען פֿאַר'ן געזונד פֿון די אַרבּײטער, האָט ניט, מן=הסתּם,
קײן גלײַכען צו זיך. האַראַקטעריסטיש איז דאָס, װאָס טאַבּאַקס=
פּראָדוקציאָן איז די אײנציגסטע פֿון אַלע בּעטראַכ=
טע פּראָדוקציאָנען, װאו אין די ניט=יודישע פֿאַבּ=
ריקען אַרבּײטען בּערך אַ גרױסע צאָהל יודען. דאָס
ערקלערט זיך דערמיט, װאָס קריסטען געהען ניט מיט גרױס חשק אין
די טאַבּאַק=פֿאַבּריקען, און דערנסטמאָל, פֿערשטעהט זיך, טרעט=
אָפּ אין אַ זײַט דער ראַסען=אַנטאַגאָניזם בּײַ די פֿאַבּ=
ריקאַנטען“. דער היוצא לנו מזה איז, אַז בּײַ די יודישע
קאַפּיטאַליסטען קריגען נאָך די יודען טײלװײַזע אַרבּײט, און בּײַ די
ניט=יודישע קאַפּיטאַליסטען — נאָר בּײַ גאָר די שלימסטע בּעדינ=
גונגען.

---

## IV. די בּעאַרבּײטונג פֿון די נאַהרונגס־שטאָפֿען.

דאָס מין פֿאַבּריקס=טהעטיגקײט האָט פֿאַר אונז אַ בּעזונדערען
אינטערעס, װײַל דאָ טרעטען אַרױס זעהר בּולט די האַראַקטעריסטישע

שטריכען פון דער גרעסטער טייל יודישע בורזשואזיע. ווען מיר רעדען איבער דער בורזשואזיע, שטעלט זיך אונז באלד פאר א גראבבייניגער מענש, וואס זיצט זיך בשלום אויף פולע זעק מיט גאלד; א ריח פון זאטקייט, גנבה און גזילה פערשפרייט זיך ארום איהם; זיין הארץ איז שוין אזוי פערגאסען מיט שמאלץ, אז קיין שום מענשליכער געפיהל פון רחמנות קאן שוין דערצו גאר ניט צו־קומען. און פלוצים ווערען מיר געוואהר, אז „דער פאבריקאנט (פון באארבייטונג נאהרונגס־שטאפען) אליין איז מעהרסטענטייל כמעט אזא ארעמאן, ווי די ארבייטער זיינע, וואס ארבייט מיט זעהר א קליינעם קאפיטאל און כמעט נאר מיט פרעמד געלד. אט דאס איז דער טיפ כמעט פון מעהרסטענטייל יודישע פאבריקען, און די פראדוקציאן ביי דער באארבייטונג פון די נאהרונגס־שטאפען פערנעהמט געוויס אין דער הינזיכט דאס ערשטע פלאטץ".

---

## V. די פראדוקציאן ביי די מעטאלען־באארבייטונג.

מעטאל־באארבייטונג צוזאמען מיט וועבעריי־אינדוסטריע דינען אלס טערמאמעטער פון דער פאבריקס־טהעטיגקייט פון א געוויסער געגענד בכלל און דער ענטוויקלונג פון איהר בורזשואזיע און ארבייטער בפרט. די מעטאל־פראדוקציאן פאדערט גרויסע קאפיטאלען און מאסען ארבייטער און דערביי בעקומען אין אלע מדינות די דאזיגע ארבייטער פאר דער ארבייט דאס גרעסטע שכירות. די ארבייטער שטעלען פאר די מאטעריעלע און גייסטיגע אריסטאקראטיע פון זייער קלאס.

אט פאר וואס אונז אינטערעסירט אויף וויפיעל די יודען נעהמען אן אנטייל אין דער פראדוקציאן אלס אונטערנעהמער און אר־

בייטער. צום בעדויערן, ברענגען אונז די ידיעות פונ׳ם זאמעלבוך צו זעהר טרויעריגע רעזולטאטען, ווייל זיי דערווייזען צוויי זאכען: די יודישע קאפיטאלען זענען אזוי קליין, אז זיי קענען ניט שפּילען קיין בעדייטענדע ראלע אין דעם געביעט, אלס אונטערנעהמער; נאר פון דער אנדערער זייט האבען נאך די יודען ביז איצט ניט געקענט אויך אלס ארבייטער אריינדרינגען אין דער פּראדוקציאן.

אט זענען די פאקטען:

„אין יעקאטערינאסלאווער גובערניע האבען אין יאהר 1897 עקזיסטירט 109 מעטאל-פאבריקען, אין וועלכע ס׳האבען געארבייט 14,651 ארבייטער. זייער יעהרליכע פּראדוקציאן האט בעטראפען 66,48 מיליאן רובל. פון די פאבריקען זענען געווען 23 יודישע מיט א יאהרליכען פּראדוקציאן פון 1,31 מיליאן רובל ביי 747 ארבייטער", ד. ה., ווייניגער פון 2 פּראצענט פון דער גאנצער פּראדוקציאן.

אין צפונית-מערבית געגענד האבען זיך געפונען ס״ה 72 מעטאל-פאבריקען מיט א יאהרליכער פּראדוקציאן פון 5 מיליאן רובל: פון זיי האבען געהערט צו יודען 28 פאבריקען (39 פּראצענט) מיט א יעהרליכען פּראדוקציאן פון 1 מיליאן רובל (20 פּראצענט). ד. ה. אז דורכשניטליך בעטרעפט די פּראדוקציאן פון יעדער ניט יודישער פאבריק 91 טויזענד רובל, און פון א יודישער — 38 טויזענד רובל. רעכענענדיג 10 פּראצענט פערדיענסט, קומט אויס, אז אלע 28 יודי-שע פאבריקען פערדינען 100,000 רובל, וואס מאכט אויס 3570 רובל אויף יעדער פאבריק. דערביי בעדארף מען ניט פערגעסען, אז דער קרעדיט עסט אויף נאר אפט די גרעסטע טייל רוח, און אז אויך ניט אלע פאבריקען האבען נאר צו איינע בעלי-בתים.

וויסענדיג וואס פאר א קליינע ראלע די יודען שפּילען אין מעטאל-פּראדוקציאן, אלס אונטערנעהמער, קאן מען זיך שוין לייכט פארשטעלען דעם אנטייל, וועלכען נעהמען ביי דער פּראדוקציאן די יודישע ארבייטער.

אין יעקאַטערינאָסלאַווער און חערסאָנער גובערניעס געפינען זיך אויף 32,715 אַרבייטער אינגאַנצען 437 יודישע. אין 6 מאַשינען־בוי פאַבריקען אין צפונית־מערבית גובערניעס געפינען זיך 36 יודען אויף 905 ניט־יודישע אַרבייטער. אין דרומית־מערבית געגענד זענען געוועזען 6,721 אַרבייטער. פון זיי האָבען געאַרבייט אין די יודישע פאַבריקען 643 (9.5 פּראָצענט). וויפיעל האָבען זיך צווישען זיי געפונען יודען, — דאָס איז ניט ערקלערט געוואָרען. „ווי מיר זעהען — בעמערקען די מחברים — געפינען מיר זעהר אַ קליינעם פּראָצענט יודען צווישען די פאַבריקס־אַרבייטער. אי דאָס בעשעפטיגען זיך די יודען אין די פאַבריקען מעהרסטענטייל נאָר אַלס אויפזעהער, מאַגאַזינערען, מאַלער, שמידען און נאָך מיט אַזוינע זייטיגע אַרבייטען“.

מיט וואָס־זשע קען מען ערקלערען אָט די ערשיינונג?

דער תירוץ פון שבת־רוה קען דאָ ניט אַיינגעהן, ערשטענס ווייל „אין דרום רוסלאַנד איז דער שבת־רוה פאַר די יודישע אַרבייטער ניט אַזאַ טאָרמאַז, ווי אין ליטאָ און אין פּוילען“. צווייטענס, „מאַשינען־בוי און מעטאַל־בעאַרבייטונג געהערען גאָר בכלל ניט צו די פּראָדוקציאָנען, וועלכע האַלטען אַזוי שטאַרק שטערען די יודען זייער שבת־רוה“. און דאָ האָבען אונזערע מחברים אויסגעזוכט גאָר אַ נייע סבה: די יודען זענען ניט פאָרבערייטעט צו די אַרבייטען. מען בעדאַרף נאָר, רעכענען זיי, פאָרבערייטען אַ צאָהל פון גוטע ספּעציאַליזירטע יודישע אַרבייטער מיט דער הילף פון „אַ גאַנצער רייהע גוט אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע שולען און לעהר־ווערקשטאַטען“, און אַלעס וועט שוין זיין רעכט: צעהנער טויזענטער יודען וועלען זיך קענען בעשעפטיגען אין די מעטאַל־פאַבריקען אַלס אַרבייטער. איז דאָך אָבער אַ שאלה: די מעטאַל־בעאַרבייטונג איז נאָך אַזאַ יונגע צווייג אין דער רוסישער אינדוסטריע, ווי אַזוי־זשע האָבען זיך אַזוי גיך געקענט ספּעציאַליזירען אין די אַרבייטען די „רוסען, טאַטאַרען, טשערקעסען און אָסעטינען“ אָהן שום פאָרבערייטונג דורך

ספּעציעלע שוהלען און לעהר-ווערקשטאַטען? פֿאַר וואָס ליגט אַזאַ קללה נאָר אויף יודען? אָט האָבען די יודען ניט תמיד זיך בע-שעפֿטיגט מיט דער פֿאַבריקאַציאָן פֿון קנעפּליך, דאָך זעהען מיר, אַז אין די אַלע קנעפּליך-פֿאַבריקען, וועלכע געהערען צו יודען, אַרבייטען דאָרטען מעהר פֿון 84 פּראָצענט יודישע אַרבייטער. ווי אַזוי האָבען זיי זיך אַזוי גיך ספּעציאַליזירט אין דער אַרבייט? פֿאַר וואָס שטערט זיי ניט די שבת-רוה? אמת, די אַלע פֿאַבריקען געהערען צו יודען.

ניין, די אַלע סבות ליגען אַ סך טיפֿער, ווי עס מיינען די צונויפֿשטעלער פֿונ'ם זאַמעלבוך. די סבות ליגען אין די פּסיכישע און עקאָנאָמישע הינדערנישע, וועלכע זענען איינגעוואָרצעלט אין דער פֿערגאַנגענהייט און אין דער געגענוואַרט פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, און ספּעציעל אין זיין לאַגע צווישען אַנדערע פֿעלקער.

---

## VI. פּראָדוקציאָנען ביי בעאַרבייטונג פֿון אַנימאַל-פּראָדוקטען.

מיר וועלען זיך אָבשטעלען נאָר אויף הויפּט-פּראָדוקציאָנען.

לויט די ידיעות פֿון די קאָרעספּאָנדענטען, האָבען זיך געפֿונען אין 15 גובערניעס פֿונ'ם תחום 91 זייף-פֿאַבריקען, פֿון וועלכע 86 זענען געוועזען יודישע. אויף אַלע פֿאַבריקען האָבען געאַרבייט 447 אַרבייטער, פֿון זיי 352 — יודען. די אַלע פֿאַבריקען צייכנען זיך אויס מיט זייער פּאַטריאַרכאַלישען כאַראַקטער: „די גרעסטע טייל פֿון די פֿאַבריקען טראָגען אויף זיך גיכער קליין-קוסטאַרנע, איידער פֿאַבריקס-כאַראַקטער. אָפֿטער איז דער אייגענטימער אַליין אויך מייס-טער“.

דאָס גערבערי-געשעפֿט שפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דער עקאָנאָמיק פֿונ'ם יודענטום אין דעם תחום. אין צפֿונית-מערבֿית גע-גענד אַליין זענען פֿאַראַנען 235 גערבערייען, פֿון וועלכע 222 זענען

יודישע. פון די 3,717 ארבייטער, וועלכע ארבייטען אין זיי, זענען 2,403 יודען. אין דרומית=מערבית געגענד האבען די קארעספאנדענטען אויסגעפרעגט 124 גערבערייען, פון וועלכע 108 זענען געוועזען יודישע. אין די אלע גערבערייען האבען געארבייט 2,738 ארבייטער, אין די יודישע 2,137, פון וועלכע 1,258 זענען געוועזען יודען. אין דער דרום=געגענד זענען די גערבערייען שוואך ענטוויקעלט, און אזוי ווי זיי געהערען על=פי=רוב צו ניט=יודען, פערשטעהט זיך אליין, אז עס געפינען זיך דארטען זעהר ווענינ יודישע ארבייטער.

די פראדוקציאן פון הויר=האר איז איננאנצען אין יודישע הענד. אלע 17 פאבריקען פון הויר=האר, וועלכע האבען עקזיסטירט אין צפונית=מערבית געגענד אין 1897 יאהר, זענען געוועזען יודישע. איבערדעם זענען דארט געוועזען 9 צעהנטעל פון אלע ארבייטער — יודישע.

עס זעהט אויס, אז דאס צוזאמענטרעפען צווישען די אייגענטימער און ארבייטער פון איין נאציע איז ניט על=פי=מקרה. ס'עקזיסטירט צווישען זיי עפיס גלייך ווי א צויבער=קשר. נאר, ביים צוגלייכען די אלע אויבען=דערמאנטע פאקטען, ועלען מיר קומען צו נאך איינעם זאנדערבארען בעשלוס: קוים הייבען נאר אן די יודישע אונטערנעמונגען זיך פערגרעסערען אין ווירקליכע פאבריקען, ד. ה., מיט מאשינען, מיט צוטיילונגען פון דער ארבייט און ז. וו., אזוי ווערט תיכף=ומיד, ווי דורך א כשוף, פערשוואונדען פון זיי די יודישע ארבייטער און ווערען פערביטען אויף ניט=יודישע.

די אלע 17 פאבריקען פון הויר=האר, וועלכע געהערען צו יודען, ארבייטען סחורה אויף א האלב מיליאן רובל יעהרליך. דורכשניטליך קומט אויס אויף יעדער פאבריק די פראדוקציאן ביז 30,000 רובל. ביי רוח פון 10 פראצענט, — הייסט עס, 3000 אויף יעדער פאבריק. קענטיג, ניט גרויסע קאפיטאליסטען. דאס זעהט מען נאך פון דעם פאקט, וואס אט די „קאפיטאליסטען“ מוזען זעהר אפט אבשטעלען צייטליך זייער ארבייט אויס מאנגעל אין הויר=האר אדער — אין קאפי=

טאַל“. און די גרעסטע טייל פֿון די פֿאַבריקאַנטען עקזיסטירען בכלל נאָר אין זכות פֿון „די אָרגאַניזירטע קאָמיסיאָנ'ס=קאָנטאָרען אין לייפּ= ציג, וועלכע געבען זיי אַרוים פֿאָרשוס ביז 75 פּראָצענט אויף דער אויסגעאַרבייטער סחורה“. איבערדעם זענען די אַרבייטער אין די פֿאַב= ריקען אויך יודען.

דער עקאָנאָמישער פּראָצעס פֿיהרט אָבער אָהנבע'רחמנות'דיג צו דער קאָנצענטראַציע פֿון דער פּראָדוקציאָן, צום איינפֿיהרונג פֿון מאַשינען און צו דער איינטיילונג פֿון דער אַרבייט. וואָס וועט דענסט= מאָל ווערען פֿון די יודישע אַרבייטער, קאָנען מיר פֿערשטעהן, ווען מיר וועלען זיך צוקוקען צו די פֿאַקטען איבער דער פֿאַבריקס=אינדו= סטריע אין מעריב=רוסלאַנד.

---

## IV.

ווי ס'איז בעקאַנט, האָט זיך די בעאַרבייטונג=אינדוסטריע פֿון פּוילען אין די לעצטע 25 יאָהר ענטוויקעלט מיט ריזען=שריט. אין דער געגענד, וועלכע האָט פֿון תמיד אָן געלעבט פֿון ערד=אַר= ביים, האָבען זיך אין אַ קורצער צייט בעוויזען קאַפּיטאַלען פֿון מי= ליאָנען און צעהנער טויזענטער אַרבייטס=העגד זענען בעשעפֿטיגט מיט פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון פֿאַבריקס=טהעטיגקייט.

וואָס=זשע פֿאַר אַ'ן אַנטייל האָבען גענומען אין דער עקאָנאָ= מישער ענטוויקלונג פֿונ'ם לאַנד די פּוילישע יודען, וועלכע בעטרע= פֿען 14 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג און 40,9 פּראָצענט פֿון דער שטעדטישער?

ניט קוקענדיג אויף די ניט פֿאָלשטענדיגע ידיעות, מוז יעדער איינשטימען צו דעם בעשלוס, צו וועלכען עס זענען געקומען די מחברים פֿונ'ם זאַמעלבוך: „אומעדום אין פֿאַבריקס=אינדוסטריע שפּילען די יודען אַ ראָלע פֿון צווייטען גראַד“. נאָך די אָפֿיציעלע ידיעות האָט

זיך אין יאָהר 1897 גערעכענט אין פוילען סך־הכל 4221 פאַבריקען מיט 247041 אַרבייטער, און לויט די ידיעות פון די קאָרעספּאָנדענ־טען האָבען זיך צווישען זיי געפונען 1416 יודישע פאַבריקען מיט 43011 אַרבייטער; קומט אויס: אויף יעדער יודישער פאַבריק 30,4 אַרבייטער, און אין יעדער קריסטליכער פאַבריק — 101,8 אַרבייטער, ד. ה., אַז בײ די יודען אין די הענד האָבען זיך געפונען נאָר די קלענערע פאַבריקען.

בנוגע צו די יודישע אַרבייטער, האָבען זיך געפונען אין 451 ניט־יודישע פאַבריקען ס"ה 426 יודישע אַרבייטער, ד. ה., „דורכשניטליך וועניגער אַפילו פון איין יודען אין אַ פאַבריק". אין פּוילען אויך גלייך ווי אין גאַנצען תחום, קאָן דער יודישער פּראָלעטאַריאַט האָפען צו בעקומען אַרבייט נאָר בײ זיינע ברידער פון איין נאַציע. צום בעדויערן, איז די לעצטע פאָרשטעלונג נאָר טייל־ווייזע ריכטיג. אויף די יודישע פאַבריקען, נאָך די ידיעות פון די קאָרעספּאָנדענטען, האָבען געאַרבייט 43,011 אַרבייטער, פון זיי נאָר 11,944 יודען, ד. ה., אינגאַנצען 27,7 פּראָצענט. אין וואַרשאַ און אין לאָדז, וועלכע זענען גרינדליכער אויסגעפאָרשט, בעקומען מיר די אייגענע רעזולטאַטען.

אויך אין פּוילען „געפינען די יודען גיכער אַרבייט אין די יודישע פאַבריקען, וועלכע אַרבייטען אָהן מאַשינען", ד. ה. אין די קליינע פאַבריקען, וואו עס ווערט געאַרבייט נאָך אויפ'ן אַלטען שטייגער.

דאָס בעמערקט זיך בעזונדערס, בעקענענדיג זיך מיט די פער־שידענע פאָרמען פון דער פּראָדוקציאָן.

אין 11 יודישע גוס־אייזען־פאַבריקען, אויף וועלכע עס זענען געווען 950 אַרבייטער, האָבען זיך צווישען זיי געפונען אינגאַנצען 9 יודישע. און אויף אַלע 49 פאַבריקען, גרויסע און קליינע, צו בע־אַרבייטען מעטאַלען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין יודישע הענד, האָבען געאַרבייט 3085 אַרבייטער, פון זיי 702 יודען, ד. ה., 28,8 פּראָצענט, אויף 5 פּראָצענט וועניגער פון דעם אַלגעמיינעם דורכ־

שניט. און דעם סך־הכל בעקומען מיר אויך נאָר דערפֿאַר, ווייל אין דער פּראָדוקציאָן פֿון מעטאַל־אויסאַרבייטונגען נעהמען די יודען פֿערהעלטניסמעסיג אַ גרויסען אַנטייל. די אויספֿיהרליכע בעשרייבונגען פֿון פֿערשידענע פֿאַבריקען גיבען אונז זעהר אינטערעסאַנטע פֿאַקטען דערויף.

אין 1899 יאָהר האָבען אין אַ פֿאַבריק פֿון מעטאַלישע אויסאַרבייטונגען געאַרבייט 135 מענשען, פֿון זיי 110 יודען, וועלכע האָבען דאָרטען געאַרבייט אַלס טאָג־אַרבייטער. מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָט דער פֿאַבריקאַנט אָפּגעזאָגט 50 יודישע אַרבייטער און אויף זייער אָרט צוגענומען קריסטליכע מיידליך. דער פֿאַבריקאַנט האָט עס ערקלערט דורך דער סבה פֿון שבת־רוה, נאָר דער תירוץ איז ניט קיין אמת׳ער: ווי אַזוי האָט ער איבערגעלאָזט אויף דער פֿאַבריק 60 יודישע אַרבייטער, פֿון וועלכע 15 זענען געוועזען ספּעציאַליסטען, ד. ה., די טייערסטע אַרבייטער, און האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר דער שבת־רוה? די אמת׳ע סבה איז די, וואָס די קאָנקורענץ פֿונ׳ם קריסטליך־דאָרפֿישען עלעמענט איז זעהר גרויס און שרעקליך, און די קריסטליכע מיידליך נעמען פֿיעל וועניגער שכירות. אַ צווייטער יודישער פֿאַבריקאַנט, וועלכער סימפּאַטיזירט יודען, און וועלכען די שבת־רוה שטערט לחלוטין ניט, קלאָגט זיך, אַז „דער חסרון פֿון די יודישע אַרבייטער בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי אינטערעסירען זיך מיט די רעכנונגען פֿון די פֿאַבריקאַנטען, וועלכע געהערען גאָר צו זיי ניט, זיי ווילען ווי נאָר מעגליך איז זיך פֿערגרינגערען די אַרבייט און זיי ווילען זיך גאָר ניט רעכנען מיט דער קאָנקורענץ, וועלכע דער פֿאַבריקאַנט מוז אויסשטעהן. אַז מיר וועלען אָט די קינות איבערזעצען אויף פּראָסט לשון, — הייסט עס: דער חסרון פֿון די יודען איז דאָס, וואָס זיי פֿאָדערן גרעסערע שכירות און אַ קלענערען אַרבייטס טאָג.

אַז די סבה פֿון מאַנגעל אין אַרבייט פֿאַר די יודישע אַרבייטער ליגט ניט אין דעם, וואָס די יודישע מייסטערס זענען ניט פֿאַרבערייּ=

טעט, דערוועזט אונז אַלס בײַשפּיל אײן פֿאַבריק פֿון קונסטליכע בראַנז־אויסאַרבײַטונגען, וועלכע פֿאַרבערײַטעט אַלײן איהרע אַרבײַטער אויף אַזאַ אופֿן, אַז „פֿיעל פֿון זײ, פֿערלאָזענדיג די פֿאַבריק, קריגען אַרבײַט ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אַפילו אין אויסלאַנד“. דער פֿאַר אָבער איז מען אויף אַ׳ן אַנדערער בראָנז־פֿאַבריק „ניט צופֿרידען מיט די יודען“. דאָ האָט זיך פּלוצים אַרויסגעוויזען, אַז „בײַ די יודען קלעקט ניט קײן פֿיזישען כּח“, אַז „די יודען ניט נאָר זײ קענען ניט, נאָר זײ לאָזען זיך נאָך ניט לערנען אויך“! אַ וואונדער! די הונגעריגע יודען ווילען זיך ניט אויסלערנען אַזאַ פּראָפֿעסיע, וועלכע ווערט גוט בעצאָהלט! דאָס איז עפּיס ניט אַזוי גלאַטיג. דאַכט זיך, די סבּה איז גאָר אַ פּשוט׳ע: „די וואָך־שׂכירות פֿון אַ אַרבײַטערין איז 3 ר., און די יודישע אַרבײַטערינען ווילען נישט אַרבײַטען פֿאַר 3 ר. אַ וואָך“. און אַז יודען ווילען און קענען אויסלערנען זיך די שווערסטע מלאכות, דערווײַזט אונז די פֿאַבריק פֿון וואַנדזײַגערס פֿון ל. המעלעווסקי׳ן אין לאָדז. צווישען די 200 אַרבײַטער פֿון דער פֿאַבריק — זענען 165 יודען, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך „מיט די דעליקאַטעסטע און פֿײַנסטע אַרבײַטען... די מײדליך בעמאָלען די זײגערס... די אַלע אַרבײַטער האָבען זיך צוביסליך־ווײַז אויסגעלערענט אויף דער פֿאַבריק. פֿיעל פֿון זײ האָבען זיך פֿריהער בעשעפֿטיגט מיט פֿערשידענע פֿאַכען פֿון קלײן־האַנדעל. „אַלע הויפּט־מײַסטערס אויף דער פֿאַבריק זענען יודען“.

און אָט האָט איהר נאָך אַ פֿאַבריק — אויף פּראָדוצירען וואָגען, וואו כּמעט אַלע אַרבײַטער זענען יודען און אַפילו דער מײַסטער איז אַ יוד. „דער אײגענטימער פֿון דער פֿאַבריק האָט געפֿונען, אַז די יודען אַרבײַטען אַ סך בעסער“. אַז יודען קענען זיך אויסלערנען נײַע בעשעפֿטיגונגען, בעווײַזט אונז די שפּיל־ און פּופּען־פּראָדוקציאָן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס געפֿינט זיך מעהרסטענטײל אין יודישע הענד, אויך די פּראָדוקציאָן פֿון פּערלאַמוטערנע העמדקנעפּ.

בכלל אָבער אַרבייטען די יודען כמעט נאָר אין די בראַנזשען, וואו ס'הערשען נאָך די קוסטאַר-פֿאָרמע פֿון דער פּראָדוקציאָן, ווי, למשל, פֿערפֿערטיגונג פֿון וועש, קליידער און שעכטלען (אַלע 8 שעכטעל-פֿאַבריקען פֿון וואַרשאַ זענען יודישע און די 106 אַרבייטער וואָס האָבען אין זיי געאַרבייט זענען אַלע יודישע).

אָבער אין די אַנדערע בראַנזשען, וואו די פֿאָרמע פֿון דער פּראָדוקציאָן איז פֿאַבריקס-אַרטיג, איז די צאָהל פֿון די יודישע אַרבייטער זעהר אַ קליינע. אין 116 יודישע פֿאַבריקען צו בעאַרבייטען מינעראַל-שטאָפֿען געפֿינען זיך ס"ה 186 יודען צווישען 3280 אַרבייטער. ביי דער בעאַרבייטונג פֿון די פֿלאַנצונגען-שטאָפֿען געפֿינען זיך אינגאַנצען אין די 254 יודישע פֿאַבריקען 1915 יודען צווישען 3695 אַרבייטער, און דאָס איז אויך נאָר דערפֿאַר, ווייל די טאַבאַקס-פּראָדוקציאָן איז אַ טרויעריגע מאָנאָפּאָליע פֿון יודען: 1298 יודישע אַרבייטער זענען ביי דעם פֿערנומען. אַפילו אין די יודישע לעדער-פֿאַבריקען אין פּוילען, וועלכע געהערען על-פּי-רוב צו די קליינע אונטערנעמונגען, געפֿינען זיך ס"ה 678 יודען צווישען 1125 אַרבייטער (אַ סך אַ קלענערער פּראָצענט, ווי אין צפונית-מערבית געגענד). די סבה דערפֿון איז וואַהרשיינליך, ווייל די ניט-יודישע אַרבייט איז ביליגער פֿון דער יודישער. דאָס, וואָס מען שטופּט צוביסליך אַרויס די יודישע אַרבייטער פֿון דער שוך-פּראָדוקציאָן, איבערהויפּט פֿון די גרויסע פֿאַבריקען, איז מסתמא אויך צוליעב דער זעלבער סבה. און דאָ בעמערקען מיר אַ נייע ערשיינונג, מיט וועלכער מיר וועלען זיך נאָך בעגעגנען: „די יודען אַרבייטען אויף דער פֿאַבריק אָבגעטיילט פֿון די קריסטען, בכדי עס זאָל ניט פֿאָרקומען, ווי דער אייגענטימער ערקלערט, צווישען זיי קיינע סכסוכים".

נאָר אין איין צוויי֗ג פֿון אינדוסטריע קאָנען מיר גוט בעמערקען אַלע אייגענשאַפֿטען פֿונ'ם יודישען קאַפּיטאַל און יודישער אַרבייט.

מיר מיינען דאָ די טעקסטילען־אינדוסטריע. און ווירקליך: די פּראָדוקציאָן ביי דער בעאַרבייטונג פֿון די פֿעדעם־שטאָפֿען פֿערנעמט דאָס ערשטע אָרט אין רוסלאַנד בנוגע צו די קאַפּיטאַלען און צו דער צאָהל פֿון די אַרבייטער. אין דער איינער צווייג פֿון דער אינדוסטריע זענען געווען פֿערנומען אין גאַנץ רוסלאַנד 642,520 אַרבייטער.

וואָס־זשע פֿאַר אַ ראָלע שפּילען די יודען אין דעם מין בעשעפֿטיגונג?

## אין פּוילען.

305 פֿאַבריקען, וועלכע האָבען אַ שייכות צו טעקסטילען־אינדוסטריע געפֿינען זיך אין פּוילען. 19060 אַרבייטער בעשעפֿטיגען זיך אין די פֿאַבריקען, צווישען זיי נאָר 2934 יודען, ד. ה., 15,4 פּראָצענט.

בנוגע צו די אונטערנעמער, קומען די מחברים פֿונ'ם זאַמעלדוסטריע, געפֿינען זיך אין פּוילען. 19060 אַרבייטער בעשעפֿטיגען זיך יודען פֿאַר ווייניגער פֿון איין דריטעל פֿון דער גאַנצער צאָהל אונטערנעמער". אין לאָדזער און סאָסנאָוויצער ראַיאָן „געפֿינען זיך אין די יודישע הענד 40,8 פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציאָן". בכלל קאָן מען זאָגען, אַז די יודישע פֿאַבריקען זענען אַ סך קלענער פֿון די ניט־יודישע. אַזוי, למשל, די האַנדס־בעאַרבייטונג פֿון די פֿעדעם־מאַטעריאַלען געפֿינט זיך איבערהויפּט אין די יודישע הענד".

וואָס אַנבעטרעפֿט דעם אַנטייל פֿון די יודישע אַרבייטער אין דער צווייג, הזר'ט זיך איבער דער אַלגעמיינער כלל: „אין די ניט־יודישע פֿאַבריקען געפֿינען די יודישע אַרבייטער כמעט גאָר ניט קיין אַרבייט. אין אַלע לאָדזער ניט־יודישע פֿאַבריקען זענען געוועזען בעשעפֿטיגט ס"ה 63 יודען". אויך הזר'ט זיך דאָ איבער דער צווייטער כלל: „אין דער מאַנופֿאַקטור אינדוסטריע פֿון פּוילען אַרבייטען די יודען נאָר אין קוסטאַר־וועבעריי, אַלס האַנד־וועבער". הייסט עס, אַז ניט נאָר אין די ניט־יודישע פֿאַבריקען געפֿינען די יודען

ניט קיין אַרבייט, נאָר אויך „אין די גרויסע יודישע מאַנופאַקטור־פאַבריקען אַרבייטען ניט יודישע אַרבייטער“. אַלס טיפּישער ביישפּיל קאָן דינען דער פאַקט: אין פּאָזנאַנסקעס פאַבריקען אין לאָדז אַרבייטען סך־הכל עטליכע צעהנדליג יודען צווישען 6300 ניט־יודישע אַרבייטער.

אַגב ווילען מיר פערצייכנען איינינע אינטערעסאַנטע פאַקטען. די הויפּט־אַקציאָנערען, דירעקטאָרען פון די אָבטיילונגען אין זעכס הויפּט־מייסטערס אין דער פאַבריק פון די געברידער גינסבורג („זאַווערצע“) זענען יודען, און דאָך צווישען 2400 אַרבייטער געפינען מיר אינגאַנצען 50 יודען, על־פּי־רוב מיידליך. דערצו האָבען זיך די פאַבריקאַנטען אַליין בעמיהט פאָרברייטען יודישע מייסטערס. ניט־קוקענדיג אויף דער גאַנצער סימפּאַטיע פון די איינגענטימער צו די יודען, האָבען דאָך אין דער פאַבריק ניט געקאָנט אַריינקומען קיין גרויסע צאָהל יודישע אַרבייטער.

און אָט איז אַ היפּך־פאַקט: אין דער וועבער־פאַבריק פון ה' וואַקס (לאָדז) אַרבייטען סך־הכל 180 אַרבייטער און פון זיי זענען 72 יודען. די מחברים בעמערקען צו דעם פאַקט: „ה' וואַקס האָט אָנגעהויבען אַריינגעמען אין זיין פאַבריק יודען נאָר פון ערשט נישט לאַנג, זינט די געזעלשאַפט און די פּרעסע האָבען אָנגעהויבען אַלס העכער רעדען דערפון, ווי וויכטיג ס'איז, אַז מען זאָל פערגרעסערען די פּראָדוקציאָנס־קראַפט צווישען די יודען. ווען עס געהט אַוועק אַ קריסטליכער אַרבייטער, פערנעהמט זיין פּלאַטץ אַ יוד“.

אַזאַ מין פאַקט וואָלט אונז געקאָנט פערשאַפען די גרעסטע האָפנונג איבער דער קומענדיגער לאַגע פון'ם יודישען אַרבייטער: אויב די שטימע פון דער געזעלשאַפט און פון דער פּרעסע האָבען געקענט האָבען אַזאַ איינפלוס אויף איין פאַבריקאַנט, היינט ווען אַזאַ שטימע וועט זיך לאָזען הערען נאָך העכער, ווילען אַלץ מעהר יודישע קאַפּיטאַליסטען עפענען זייערע פאַבריקען פאַר די יודישע אַרבייטער, און „דער הוילער יודישער פּראָלעטאַריאַט“ וועט אין די

הונדערטער טויזענד (אויב ניט אין די מיליאנען) געפינען זיך זיין פרנסה, און דאמאלס... וועט שוין די יודישע פראגע אין רוסלאנד גאר פערענטפערט ווערען... נאר אט האט איהר אבער ווידער איין אנדער פאקט, וועלכער פערניכטעט מיט איינמאל אלע אונזערע האפ־נונגען: אין דעם זעלבען זאמעלבוך לייענען מיר: „מע דערצעהלט, אז דער מעכטיגער מאנופאקטור־קעניג, י. ק. פאזנאנסקי, האט נישט געקענט פערזארגען עטליכע יודישע ארבייטער אין איינער פון די פיעלע אבטיילונגען ביי זיין פאבריק איבער דעם אנטיסעמיטיזם פון דעם מייסטער". אויב „דער מעכטיגער מאנופאקטור־קעניג" און יודי־שער פאטריאט (מען דערצעהלט אז ער האט געוואלט קויפען עטליכע טויזענד אקציעס פון דער ציוניסטישער באנק) האט ניט געקענט אריינמעהמען צו זיך אין פאבריק עטליכע יודישע ארבייטער, וועלען די קליינע יודישע פאבריקאנטען בודאי ניט קענען גובר זיין דעם אנטיסעמיטיזם פון זייערע מייסטערס. דעם ה' וואקס איז דאס געלונ־גען, ווייל, ערשטענס, ביז 200 ווערקשטאטען ארבייטען פאר דער פאבריק ביי זיך אין דער היים: „די מענער זענען איבערהויפט האנד־וועבער"; צווייטענס, „געפינט זיך ה' וואקס אין א גליקליכער לאגע פון א איינציגען פאבריקאנט חאס האט ניט קיין קאנקורענטען". הייסט דאס, אז מיר קומען טאקע ווידער צו דעם כלל: יודען ארבייטען נאר אין די האנד־וועבערייען, און די פאבריק פונ'ם ה' וואקס איז פון דעם טיפ פאבריקען.

ווייטער זעהן מיר, אז אפילו אין וואקס פאבריק „ארבייטען די יודען אין א בעזונדער אבטיילונג פון די קריסטען". פאר וואס דאס איז אזוי, — זאגט מען אונז ניט, הגם עס וואלט זעהר אינטערעסאנט געוועזען צו וויסען די אמת'ע סבה.

די וועבער־פאבריק פון די געברידער בוקעט ארבייט נאר מיט מעכאנישע ווערקשטאטען. איבערדעם זעהן מיר שוין, אז צווישען 300 ארבייטער ארבייטען נאר 50 יודען, און דאס מעהרסטענטיילס מייד־ליך, וועלכע זענען בעשעפטיגט ביי די ניט־הויפט ארבייטען. „אויף

די מעכֿאַנישע ווערקשטאַטען אַרבּייטען ס״ה 7 יודען. אמת, פֿריהער האָבּען דאָרטען געאַרבּייט 20 יודען, נאָר מ׳האָט זיי צו בּיסליך אָבּגעזאָגט״. בּכדי דער לעזער זאָל אַרויסזעהן, ווי אַזוי מען דאַרף מיט גרויס זהירות אָננעהמען די אָפֿיציעלע ערקלערונגען, בּעטען מיר איהם ער זאָל פֿערגלייכֿען אָט די צוויי מיינונגען: די בּרידער בּוקעט ענטזאַגען די יודישע אַרבּייטער, „ווייל זיי אַרבּייטען ניט אויס אַזויפֿיעל, וויפֿיעל ס׳איז נייטיג, נאָך דעם איינענטימערס ווערטער, כּדי דער ווערקשטאַט זאָל איהם ניט בּרענגען קיין היזק״. און אין דער פֿאַבּריק פֿון יול. ראָזענטאַל ווייזט זיך אַרויס, אַז „האָטשע די יודען אַרבּייטען נאָר 5 טעג אין דער וואָך, דאָך אַרבּייטען זיי ניט אויס ווייניגער פֿון די קריסטליכֿע אַרבּייטער, וועלכֿע אַרבּייטען 6 טעג אַ וואָך. קוים דערשלאָגען זיך נאָר די יודען צו די מעכֿאַנישע ווערקשטאַטען, נעהמען זיי זיך צו דער אַרבּייט מיט אַזאַ היץ און פֿלייס, אַז די וועבּער־אַדמיניסטראַציע איז פֿון זיי ענטציקט״. דערצו בּעדאַרף מען בּעמערקען, אַז די בּיידע פֿאַבּריקען געפֿינען זיך אין איין שטאָדט, אין לאָדז, דער אַרבּייטער־עלעמענט איז דער זעלבּער און געפֿינען זיך בּיי גלייכֿע לעבּענס־בּעדינגונגען.

ס׳איז אָהן אַ שום ספק, אַז דאָ שפּילט אַ שטיקעל ראָלע דער פּערזענליכֿער בּליק פֿונ׳ם אונטערנעמער אויף די יודישע ענינים. איבּערדעם בּעגעגענען מיר זיך אָפֿט מיט ווידערשפּרעכֿענדע פֿאַקטען. אָט איז אַ בּעלעהרענדער בּיישפּיל: „די פֿאַבּריק פֿון די בּרידער ראָזען (לוינוועבּעריי) איז כּמעט די איינציגע מעכֿאַנישע וועבּעריי אין לאָדז, וועלכֿע אַרבּייט ניט שבּת״. אַלע אַרבּייטער מיט׳ן מייסטער זענען דאָרטען יודישע. „די הויפּט־סבּה פֿון שבּת־רוה אין דער פֿאַבּריק איז געגרינדעט אויף רעליגיעזע מאָטיווען, ווייל די איינענטימער זענען פֿרומע יודען״. דערפֿאַר שטעלט־פֿאָר די אונטערנעמונג פֿונ׳ם ה׳ ציגעלבּערג גאָר עפּיס אַנדערש: „דאָס איז אַ קליינע פֿאַרבּעריי, איהרע איינענטימער זענען אָרטאָדאָקסאַלע יודען, און אַרבּייטען ניט שבּת. אויך אַזאַ אופֿן וואָלט פֿאַר זיי, דאַכט זיך, בּעסער געלוינט האַלטען

יודישע אַרבייטער, צום סוף אַרבייטען ביי זיי הויקא קריסטען, האָטשע צוליעב דעם קומט זיי אויס אָבשטעלען די פֿאַבריק צוויי טעג אין דער וואָך (שבת און זונטאָג)". מיט וואָס־זשע ערקלערט זיך דער וואונדער? גאַנץ פּשוט: „די פּוילישע אַרבייטער נעהמען אַ סך ביליגערע פּרייזען פֿון די יודישע".

מיר בעדאַרפֿען בעמערקען, אַז דאָס איז ניט קיין צופֿעליגער, נאָר אַ אַלגעמיינער פֿאַקט. מיר קענען דאָס בעסער אַרויסזעהן אויף די לוינוועבערס, די אמת'ע פֿאָרשטעהער פֿון דער קוסטאַר־אַרבייט, וועלכע ווערען עקספּלואַטירט מעהר פֿון אַנדערע. וואָלט זיך געדאַכט, אַז ביי דעם מין אַרבייט קענען שוין די יודען אויסהאַלטען די קאָנקורענץ און געפֿינען אַרבייט, ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אויך דאָ זענען די יודישע אַרבייטער ניט זעהר אין קיין גלענצענדער לאַגע: די שכירות פֿון דעם לוינוועבער איז אַראָבגעפֿאַלען אין דער סביבה פֿון לאָדז ביז צו דער קלייינסטער מדרגה, צוליעב דער פֿערמיטעלונגס סיסטעם, וועלכע עקספּלואַטירט אָהן שום קאָנטראָל די אַרבייט פֿון די וועבער, און נאָך מעהר איבער „דער קאָנקורענץ פֿון די דאָרפֿס־איינוואוהנער, וועלכע האָבען די לעצטע צייט זיך אויך אָנגעהויבען בעשעפֿטיגען מיט וועבעריי, און בעגניגענען זיך מיט אַ קלענערען פֿערדינסט, ווייל די וועבעריי איז ביי זיי ניט דער איינציגער מקור פֿון זייער פּרנסה".

אויף אַזאַ אופֿן שטעלט זיך פֿאָר אין כלל זעהר אַ טרויעריגע בילד.

דאָס יודענטום אין פּוילען ווערט בהכרה אַרויסגעשטופּט פֿון אַלע בראַנזשען ניט נאָר פֿאַבריקס, נאָר אויך קוסטאַר־אינדוסטריע. און אויף וויפֿיעל עס וועט זיך פֿערברייטערן די פּוילישע אינדוסטריע, אויף אַזוי פֿיעל וועלען די יודען ווערען אַרויסגעטריבען אפֿילו פֿון די בראַנזשען אַרבייט, אין וועלכע זיי האָבען נאָך פֿריהער געפֿונען בעשעפֿטיגונג. דעם יודישען הוילען פּראָלעטאַריאַט אין פּוילען איז געבליבען איין אויסגאַנג: עמיגראַציע, ווייל זיין קריטישע לאַגע איז ניט

קיין דערוואַליגע, וואָס קאָן זיך איינגיכען פֿערבעסערן דורך איינגע פֿערענדערונגען אָדער אין זכות פֿונ׳ם רצון פֿון געוויסע מענשען. די סבות פֿון זיין אומגליקליכער לאַגע זענען טיעפֿע נאַציאָנאַל־סאָציאַלישע. זיי צו פֿערניכטען פֿאָדערען זיך גאַנצע הונדערטער יאָהרען.

מיט וואָס־זשע ערקלערען די מחברים פֿונ׳ם זאַמעלבוך די טרויעריגע לאַגע פֿונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט אין פּוילען.

„די הויפּט סבה פֿאַר וואָס עס געפֿינען זיך קיין יודישע אַרבייטער אין די פֿאַבריקען מיט דאַמפּף־מאַשינען — איז די שבת־רוהע". אַזוי זאָגען די מחברים.

נאָר מיר האָבען דאָך שוין אויבען געבראַכט פֿאַקטען, וועלכע דערווייזען, אַז, ערשטענס, ווערען אַרויסגעשטופּט די יודען אַפילו פֿון פֿאַבריקען אָהן דאַמפּף־מאַשינען און בכלל — פֿון קוסטאַר־אינדוסטריע, וואו ס׳איז להלוטין ניט וויכטיג וואָס פֿאַר אַ טאָג אין וואָך מען זאָל רוהען. צווייטענס, זעהען מיר, אַז אָפֿט רוהען די יודישע פֿאַבריקאַנטען אַליין שבת, ד. ה., זיי אַרבייטען ניט מעהר, ווי 5 טעג אין וואָך, און האַלטען נאָר קריסטליכע אַרבייטער. און די מחברים אַליין קומען צו דעם ענטשלוס: „נאַטירליך (!), ווען די יודען זאָלען אַפילו איצט יאָ וועלען אַרבייטען שבת, אָדער, ווען דער יודישער אונטערנעמער זאָל מסכים זיין אַיינצופֿיהרען אין זיין פֿאַבריק שבת־רוה, (למשל, אין שפּינעריי, אַפּרעטורנע און אין די איבעריגע פּראָדוקציאָנען) *וואָלט פֿאַר איהם דאָך גיכער געלוינט האַלטען ניט־יודישע אַרבייטער*". אָט דאָס איז טאַקי דער עיקר.

די צווייטע סבה — דער מאַנגעל אין יודישע מייסטערס, איז אויך ניט ריכטיג, ווייל די מחברים אַליין בעמערקען, „אַז ניט זעלטען זעהען מיר איצט אין לאָדז אין די גרויסע פֿאַבריקען יודישע מייסטערס און טעכניקער, און קיין יודישע אַרבייטער געפֿינען זיך אויף זיי דאָך ניט". ווייטער: „פֿיעלע קליינע האַנד־וועבערייען, וואָס געהערען צו יודען האַלטען אויך ניט קיין יודישע אַרבייטער". פֿאַר וואָס־זשע איז דאָס? ענדליך בעשליסען די מחברים אַרויסצושטעלען גאָר די הויכ־

טיִנסטע סבּה: „מען זעהט אַרויס בּחוש, אַז פֿאַר די אונטערנעמער לוינט גיכער און ס'איז מעהר בּעקוועם צו האַלטען ניט=יודישע אַרבּייטער. די בּעטראַכטונגען און די מיינונגען פֿון די ניט פֿעראינטערעסאַנטע קאָמפּעטענטע ערטליכע אַיינוואהנער ווייזען=אָן, אַז די הויפּט=סבּה איז דאָס, וואָס בּיי די יודישע אַרבּייטער זענען די הוצאות אויף לעבּענס מיטעל גרעסער, ווי בּיי די פּוילישע אַרבּייטער, און די הכנסות זענען קלענער". דאָס יודענטום — איז אַ שטעדטישער עלעמענט, וועלכער האָט ניט קיין שום שייכות צו דער ערד=אַרבּייטונג, און האָט ניט קיין שום זייטיגע הכנסות; זיינע לעבּענס=פֿאָדערונגען זע=נען העכער פֿונ'ם פּוילישען אַרבּייטער. איבּערדעם פֿאָדערט ער גרע=סערע שכירות. אויך „זעהר אָפֿט סימפּאַטיזירען ניט די יודישע פֿאַבּ=ריקאַנטען די יודישע אַרבּייטער, ווייל זיי רעכענען זיי, על פּי טעות, פֿאַר די איינציגע שולדיגע אין די שטרייקען, וועלכע קומען=פֿאָר אין די פֿאַבּריקען". אַלזאָ, די יודען ווערען אַרויסגעשטופּט פֿון דער פּוילישער אינדוסטריע, ווייל פֿאַר די יודישע פֿאַבּריקאַנטען איז „בּע=קוועמליכער און עס לוינט גיכער" צו האַלטען ניט=יודישע אַרבּייטער.

---

## יודישע פֿאבּריקען אין ביאַליסטאָקער=ראַיאָן.

אויך וועגען דעם ראַיאָן קומט=אויס איבּערצוּ'חזר'ען דאָס איי=גענע, וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרען וועגען לאָדז. דאָ, אַזוי ווי דאָרטען, געפֿינען זיך אין די הענד פֿון די יודישע אונטערנעמער נאָר די קליינע פֿאַבּריקען. דער אונטערשיעד בּעשטעהט נאָר אין דעם, וואָס אין בּיאַלעסטאָקער ראַיאָן וואַרפֿט זיך די ערשיינונג נאָך שטאַרקער אין די אויגען: דורכשניטליך בּעטרעפֿט די פּראָדוקציאָן פֿון אַ ניט=יודי=שע טוך=פֿאַבּריק — 73 טויזענד רובּל, און פֿון אַ יודישער — 17 טויזענד, פֿון אַ ניט=יודישע וואָהל=שפּינעריי — 177 טויזענד, און פֿון אַ יודי=

שׁער — 24 טויזענד. די עטליכע ציפֿערן זענען גענוג צו דערקלערען די אמת'ע לאַגע פֿון דער יודישער אינדוסטריע אין דער געגענד. איבערהויפּט געהערען צו די יודען די פֿאַבריקען אָהן דאַמפֿ־מאַשינען, ד. ה., די פֿאַבריקען, וועלכע טראָגען אויף זיך מעהר אָדער וועניגער אַ קוסטאַר־האַראַקטער.

אויך דאָ שטעלען מיר פֿעסט דעם געוויסען פֿאַקט, אַז אויף די ניט־יודישע פֿאַבריקען, סײַ מיט, סײַ אָהן מאַשינען, אַרבּײַטען כּמעט גאָר ניט קײן יודען. אויף אַלע אויסגעפֿאָרשטע ניט־יודישע פֿאַבריקען האָבען געאַרבּײַט סך־הכּל 134 יודען. הײסט דאָס, אַז די גאַנצע האָפֿנונג פֿונ'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט איז נאָר אויף די יודישע אונטערנעמער.

צום בּעדויערן, איז די דאָזיגע האָפֿנונג אויך זעהר אַ שוואַכע. די רעזולטאַטען פֿון דערראויספֿאָרשונג זענען פֿאָלגענדע: „אין דער פֿאָרהערשענדער טוך־אינדוסטריע פֿון ביאַלעסטאָקער ראַיאָן בּעגעגענען מיר יודען נאָר אַלס וועבּער אין די הענד־וועבּערײַען. אין די אַלע איבּעריגע פֿאַבריקען אָבּער, וועלכע זענען בּעשעפֿטיגט מיט דער בּעאַרבּײַטונג פֿון וואָהל און מיט אַנדערע עהנליכע פּראָדוקציאָנען, אין וועלכע עס ווערט געאַרבּײַט מיט מעכאַנישע קרעפֿטען, אַרבּײַטען יודען לחלוטין ניט".

לײענענדיג די בּעזונדערע אויספֿיהרליכע בּעשרײַבּונגען פֿון פֿערשידענע ביאַלעסטאָקער פֿאַבּריקען, בּעגעגנען מיר אומעדום די האַראַקטערישע פֿראַזע, וועלכע הערט זיך איבּער אין פֿערשידענע נוסחאות אין אַלע בּעשרײַבּונגען: „הגם דער פֿאַבּריקאַנט איז אַ יוד, דאָך געפֿינט זיך ניט צווישען די אַרבּײַטער קײן יודען". צווישען די נעמען פֿון די פֿאַבּריקאַנטען קומט־פֿאָר צו בּעגעגנען זיך אויך מיט נעמען פֿון ציוניסטען, וועלכע זאָרגען פֿאַר טובת ישׂראל, און מיט נעמען פֿון פּראָגרעסיסטען, וועלכע שטרײַטען פֿאַר דער אַלגעמײנער גערעכטיגקײט און גלײַכהײט, און דאָך זענען זײ געקומען צו אײן

הסכּמה: ניט צו נעמען קיין יודישע אַרבּייטער. מען טאָר ניט דענקען, אַז אין דעם איז שולדיג דער שלעכטער רצון. דאָ מוז מען זוכען טיעפערע סבּות. די לעצטע מוז מען געפינען, ווײַל קיין שום קראַנקייט קאָן מען היילען איידער מען געפינט די סבּה פון איהר. און היילען בּעדאַרף מען וואָס גיכער. אַצוּנד אַרבּייט נאָך אַ געוויסע טייל יודישע אַרבּייטער אויף די האַנד-ווערקשטאַטען און געפינען נאָך עפּיס וואָס פּרנסה. נאָר ס'איז אָבּער ניט ווײַט די צײַט, ווען די פערפאָלקאָמענסטע טעכניקע וועט אינגאַנצען פערטרײַבּען די הענד-ווערקשטאַטען. דענסטמאָל בּלײַבּט דעם יודישען אַרבּייטער איינס פון די צוויי: אָדער עמיגראַציע, אָדער אַ לאַנגזאַמער טויט דורך כראָנישען הונגער!

דערווײַל קומט-פאָר פאַר אונזערע אויגען די שרעקליכע גסיסה פון פיעל צעהנדליגער טויזענטער יודישע פאַמיליען. וויפיעל צרות און ליידען, וואָס פאַר אַ שרעקליכער מלחמה פאַר'ן טרוקען שטיקעל בּרויט זעהן מיר דערבּײַ! דער יודישער קליין-אונטערנעמער, וועלכער פערדינט אַליין קוים-קוים זײַנע לעבּענס-מיטעל, האָט מורא צו-נעמען צו זיך יודישע מײַסטערס, ווײַל ער זעהט אין זיי זײַנע קינפטיגע קאָנקורענטען! און פון דער אַנדער זײַט, „האָבּען די אַרבּייטער אָרגאַניזירט אַ וואַכזאַמע אויפזוכט, אַז דאָס יונג-וואַרג זאָל זיך ניט טאָרען לערנען אַרבּייטען אויף די האַנד-ווערקשטאַטען“, אַזוי אַז, ווען אַ יודישער יונגערמאַן וויל זיך איצט אויסלערנען די וועבּער-מלאכה, מוז ער אָנקומען אָדער צו די לאַנקעטניקער, אָדער פאָהרען ערגיץ אין אַ קליין שטעדטעל. און פון דער דריטער זײַט זעהן מיר, אַז די געגענזייטיגע פערהעלטניסע צווישען די יודישע פאַבּריקאַנטען און די יודישע אַרבּייטער זענען אַזוי פײַנדליך, אַז, ווי מען דערצעהלט, „אין די פעריאָדען פון שאַרפער נויט און קריזיס, האָבּען זיך איינינע פאַבּריקאַנטען אָבּגעזאָגט מיטהעלפען די אַרבּייטער, וועלכע זענען געבּליבּען אָהן פּרנסה, ווײַל זיי ווילען ניט העלפען זייערע אייגענע שונאים“.

און די שׂנאָה האָט זיך אָבגעשטעלט ניט צווישען דעם פֿערזיכערטען, פֿעסטען קאַפּיטאַליזם און פֿאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט, נאָר צווישען אַזוינע אונטערנעמער, וועלכע זענען אַליין געצוואונגען אין דער צייט פֿון קריזיס אָבשטעלען זייערע אַנשטאַלטען, וואָס זענען געגרינדעט נאָר אויף קרעדיט, און צווישען אַזעלכע אַרבייטער, וועלכע האָבען גאָר קיין אַרבייט ניט און זענען אַפּילו ניט בכּח צו קאָנקורירען מיט די ניט־יודישע אַרבייטער. דאָס גאַנצע אוננאָרמאַליטעט פֿון דער שׂנאָה דערקענט זיך פֿון דעם פֿאַקט, וואָס די געגענזייטיגע מלחמה ענדיגט זיך ניט מיט לעבען, נאָר זי פֿיהרט צום טויט: אָדער די אונטערנעמונגען ווערען פֿערמאַכט, אָדער — עפּטער — די אַרבייטער מוזען עמיגרירען נאָך אַמעריקאַ. אָט פֿאַר וואָס מיר האָבען אָנגערופֿען דעם שטרייט גסיסה.

בלייבט אונז נאָך צו זאָגען עטליכע ווערטער איבער אַנדערע — וועניגער וויכטיגע — פֿאָרמען פֿון דער בעאַרבייטונג פֿון פֿעדערן־שטאָפֿען. ווידער די געוויסע ערשיינונג: די קליינע אַנשטאַלטען געהערען צו יודען, און די אַרבייטער זענען איבערהויפּט ניט־יודען. „אין דריי זעק־פֿאַבריקען (אין פּוילען), וועלכע געהערען צו יודען, אַרבייטען 1236 אַרבייטער, פֿון וועלכע נאָר 6 זענען יודישע. דאָס אייגענע איז אויך אין די זיידענ־פֿאַבריקען. אין איינער פֿון די גרעסטע זייד־פֿאַבריקען אין וואַרשאַ, וואָס געהער צו אַ יודען, אַרבייטען 1000 אַרבייטער, פֿון זיי 330 יודישע. דערביי אַרבייטען די קריסטען אויף די דאַמפֿ־ און עלעקטרע מאַשינען, און די יודען — ביי די האַנדווערקשטאַטען".

אויף איין יודישער זייד־פֿאַבריק אין לאָדז אַרבייט ניט אַפּילו איין יוד.

דערפֿאַר אָבער איז די פּראָדוקציאָן פֿון זאָקען, אַלס קוסטאַר־אַרבייט, כּמעט אינגאַנצען אין יודישע הענד.

די רעזולטאַטען פֿון אַלע געזאַמעלטע פֿאַקטען איבער דער

יודישער אינדוסטריע פון׳ם תחום, וואו די יודען מעגען וואהנען, קאָן מען אונטערפיהרען אונטער דעם סך־הכל.

1) די יודישע אונטערנעמער, אָרעמע אין קאַפּיטאַל, בעשעפטיגען זיך איבערהויפּט מיט די אָבגעלעבטע פאָרמען פון דער בעארבײטונגס־אינדוסטריע. דער יודישער אונטערנעמער איז אַ אָבגעשטאַנענער עלעמענט פון׳ם קאַפּיטאַליזם.

2) די יודישע אַרבײטער געפינען בעשעפטיגונג נאָר אין די יודשע פאַבריקען: דער גורל פון׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט איז ענג פערבונדען מיט׳ן גורל פון׳ם יודישען קאַפּיטאַליזם.

3) די יודישע אַרבײטער, פון דעסטוועגען, ניט נאָר זײ פילען ניט אָן די יודישע פאַבריקען, נאָר, מיט׳ן איבערגאַנג פון די פאַבריקען פון האַנד־ צו מאַשין־פּראָדוקציאָן, ווערען זײ נאָך צו ביסליך אַרויסגעשטופּט אויך פון זײ.

4) די יודישע אַרבײטער קאָנצענטרירען זיך אויסשליסליך אין דער אָבגעלעבטער — קוסטאַר־פאָרמע פון אינדוסטריעלע טהעטיגקײט. דער יודישער אַרבײטער איז אין דער עקאָנאָמישער בעציהונג אַ אָבגעשטאַנענער עלעמענט פון׳ם אַלגעמײנעם פּראָלעטאַריאַט.

5) די מלחמה צווישען בײדע אָבגעשטאַנענע עלעמענטען קאָן זײַן נאָר אַ קלײנבורזשואַזישע, קוסטאַרע, ד. ה., אַ אָבגעשטאַנענע.

די איבערזיכט איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פון׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט וועלען מיר פערענדיגען מיט איבערגעבען די וויכטיגסטע פאַקטען וועגען די יודישע טאָג־אַרבײטער, וועלכע רעכנען זיך אין תחום ניט ווייניגער ווי 105,000 מענשען, ד. ה., 2 פּראָצענט פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג אין תחום.

די יודישע אַרבײטער, דורך אינדיווידועלע און געזעלשאַפטליכע סבות, שטעלען־פאָר אַ געמישטע, ניט בעשטענדיגע גרופּע, צווישען זײ בעגעגנען זיך שלים־מזל׳ניקעס פון אַלע פּראָפעסיעס. אין דער קריזיס צײַט ווערט די גרופּע פערגרעסערט דורך די וואָס זענען געבליבען אָהן אַרבײט פון פאַבריקס־אַרבײטער, בעלי־מלאכות און קלײן־

הענדלער. נאָר עס בּעגעגנען זיך אויך פֿערקערטע ערשײַנונגען: איי־ניגע פֿון די טאָג־אַרבּייטער בּעגליקט און פֿון זיי ווערט קליין־הענדלער, מעקלערס, אויפֿזעהר און אַפילו קליינע אונטערנעמער. צום בּעדויערן, איז די ערשטע ערשײַנונג פֿיעל אָפֿטער, ווי די צווייטע. אַצונד געפֿינען זיך שוין גאַנץ פֿעסטע גרופּען פּראָסטע אַרבּייטער, וועלכע ענדערען זיך זעלטען, ווי, למשל, זעגער, אָנטרײַבּער און ז. וו., נאָר וואָס מעהר די לאַגע פֿון די רוסישע יודען ווערט ערגער, אויף אַזוי פֿיעל מוז פֿערגרעסערט ווערען די גרופּע פֿון די טאָג־אַרבּייטער: אַלע עלע־מענטען, וועלכע ווערען אַראָבּגעשטופּט פֿון דער קאָליע, פֿאַלען אין דער גרופּע. וואָס מעהר די אינדוסטריע פֿונ׳ם לאַנד ענטוויקעלט זיך און וואָס מעהר די יודישע אַרבּייטער ווערען אַרויסגעשטופּט פֿון די פֿאַבּריקען, ווערט אַלײן מעהר פֿערגרעסערט די צאָהל פֿון די יודישע פּראָסטע אַרבּייטער. אין דעם איבּערצײַגען מיר זיך דורך די פֿאַקטען: אין דרום־געגענד, וואו די אינדוסטריע איז מעהר ענטוויקעלט, און וואו די יודען האָבּען נאָר אַ קליינעם צו־טריט צו די פֿאַבּריקען, בּע־טרעפֿט די צאָהל פֿון די יודישע טאָג־אַרבּייטער 3,2 פּראָצענט, פֿון דער גאַנצער יודישער בּעפֿעלקערונג אין דעם געגענד. דאָס איז דער בּעסטער בּעווײַז פֿונ׳ם רעגרעסיווען האַראַקטער אין דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פֿון אונזער פֿאָלק: מיט׳ן ענטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע וואַקסט ניט דער יוד אַלס אונטערנעמער און פֿאַבּריקס־אַרבּייטער צוזאַמען מיט דער וואוקס פֿון דער אינדוסטריע, נאָר עס ווערט פֿון איהם אַ פּראָסטער אַרבּייטער. אין דעם פֿאַקט טרעט־אַרויס אין זײַן גאַנצער שרעקליכער קראַפֿט דער טראַגיזם פֿון אונזער לאַגע; דער פֿאַקט ענדעקט פֿאַר אונז דעם אָבּגרונד, נעבּען וועלכען מיר גע־פֿינען זיך. און אויך אַפילו דאָ בּעגעגנען מיר זיך מיט די בּעקאַנטע ערשײַנונגען.

אָט האָט איהר אַ שטייגער אַזאַ מין פֿאַקט: „יודישע אונטער־נעמער האָבּען בּכלל קליינעם חשק צו נעמען יודישע אָנטרײַבּער, ערשטענס, ווײַל יענע פֿאָהרען נישט שבּת און יודישע ימים־טובים,

צווייטענס, יודען, אלס שטאדטלייט, ווייסען ניט איבערהויפט ווי אזוי צוגעהן ארום די פערד. און די אנטרייבער, וועלכע עס גראט שוין אפילו יא אנקומען צו די יודען, ווערען אהן שום רחמנות עקספלואטירט דורך זייערע בעלי-בתים“.

נאר בעזאנדערס איז אינטערעסאנט די גרופע פראסטע ארבייטער, וועלכע געהען אויף דער פעלד-ארבייט. די מחברים פונ'ם „זאמעלבוך“ זענען פאלקאם גערעכט מיט זייער בעמערקונג, אז „דער ארויסגאנג פון *שטאדטלייט* צו *דארפס*-ארבייטען שטעלט-פאר פונ'ם עקאנאמישען שטאנד-פונקט עטוואס גאנץ אויסשליסליכעס. אומעדום בעגעגנען מיר דעם היפך: דער דארפס-ארבייטער, זוכענדיג א בעסער פערדינסט, שטרעבט פונ'ם דארף אין שטאדט אריין“. אמת, די לעצטע ערשיינונג איז אויך ניט קיין געזונטע, אבער סוף כל סוף פיהרט זי צו גוטען: צו דער פערברייטערונג פונ'ם פראגרעס. דער יודישער הוילער פראלעטאריאט אבער געהט ניט איבער פון דער שטאדט צו דארפ'ס- און פעלד'סארבייט, אלס קאלאניסט, וועלכער וויל פערבייטען די שטעדטישע לופט-פרנסה אויף א פערזיכערט שטיקעל ברויט פון דער ערד. נאר די שרעקליכע נויט טרייבט דעם יודען פון דער שטאדט אין דארף, און זיינע שטרעבונגען זענען אהן שום האפנונג און האבען ניט קיין שום עתיד. די תנאים פון זיין שטעדטישען לעבען זענען אזוי אומגליקליך שלעכט, אז, אבי צו שטילען זיין דערווייליגען הונגער, איז ער בערייט צו בעגניגען זיך מיט'ן קלייינסטען פערדינסט, וועלכעס קומט איהם אן אזוי שווער אין אלע פאכען. ס'איז כדאי איינצוטראכטען זיך אין דעם פאקט, מען זאל פערשטעהן דעם גאנצען שרעק פון דער עקאנאמישער לאגע פון 3 פערטעל יודען אין רוסלאנד. אגב וועלען מיר אויך בעמערקען די סתירה צווישען דער מיינונג, אז יודען זענען ניט פעהיג צו פעלד ארבייט. און דעם פאקט, ווי דער זעלבער שטעדטישער יוד ווערט פלוצים פעהיג צו פעלד-ארבייט.

ווי גרויס איז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד?

דערויף קאָן מען געבען פֿערשידענע תשובות, ווייל דאָס געווענט זיך אין דעם, וואָס מען מיינט אונטערן וואָרט „פּראָלעטאַריער“. אויב מיר בינדען מיט דעם טערמין די אַלגעמיינע בעדייטונג פֿון אָרעמקייט, ניט-פֿערזיכערונג אין מאָרגענדיגען טאָג, דעמאָלט געהערען געוויס גאַנצע 90 פּראָצענט פֿונ'ם יודענטום אין רוסלאַנד צו די פּראָלעטאַריער אָדער, ווי מיר האָבען זיי אָנגערופֿען אויף אַן אַנדער אָרט, „לופֿט-מענשען“.

אַז מיר ווילען אָבער נעמען דאָס וואָרט פּראָלעטאַריער אינ'ם וויסענשאַפֿטליכען זינען, ד. ה., מיר ווילען אָנרופֿען פּראָלעטאַריער יעדען מענשען, וועלכער האָט ניט קיין פּראָדוקציאָן-ווערקצייג און בעשאַפֿט אַ „פֿערמעהרטס ווערטה“, ווילען מיר בעקומען אַזאַ צאָהל:

| | |
|---|---|
| לעהרעניונגליך פֿון בעלי-מלאכות . . | 101,062. |
| טאָג-אַרבייטער . . . . . . | 105,000 |
| געהילפֿע פֿון בעלי-מלאכות . . . . | 140,528 |
| פֿאַבריקס-קוסטאַר-אַרבייטער . . . | 45,506 |
| סך-הכל . . . . . | 392,096 |

ווען מיר ווילען נאָך צורעכנען אַלע דינער פֿון די קראָמען און סוחר'ישע עסקים, און בכלל אַלע די, וואָס הויך זייערע פֿיזישע און גייסטליכע כוחות, וועלכע זיי פֿערקויפֿען אויפֿ'ן אַרבייטס-מאַרק, פֿערמאָגען זיי גאָר ניט, ווילען מיר געוויס בעקומען אַ האַלבען מיליאָן פּראָלעטאַריער אינ'ם געזעלשאַפֿטליכען זינען פֿון דעם וואָרט.

## V.

ערד-אַרבייטונג איז דער יסוד פֿון יעדער עקאָנאָמיקע. אַלע פֿאָרמען פֿון ווירטשאַפֿט, פֿון די גאָר פּשוט'ע ביז מעהר צוזאַמענגעזעצטע, האָבען זיך ענטוויקעלט פֿון ערד-אַרבייט.

ווען מען בעקלערט די עקאנאמישע לאגע פון א געוויסען פאלק, מוז מען פריהער פון אלעמען בעטראכטען די לאגע פון זיין ערד־ארבייטער קלאסע. נאך מעהר איז דאס נייטיג צו טהאן דענסטמאל, ווען מען וויל רעפארמירען די מאטעריעלע לאגע פונ'ם פאלק.

נאר מען בעדארף אבער אויך ניט פערגעסען, אז די ערד־ארבייטונג איז דער יסוד ניט נאר פונ'ם עקאנאמישען, נאר אויך פון דעם ביאלאגישען עקזיסטענץ פונ'ם פאלק. דאס שטעדטישע און בעזונדערס דאס פאבריקס־לעבען גראבט אונטער די פיזישע כוחות פונ'ם דארף אין שטאדט אריין. די דארפס־לייט ערפרישען דאס בלוט צענטערס. די גרויסע סכנה שוואכט־אב די בעשטענדיגע עמיגראציע פונ'ם דארף אין שטאדט אריין. די דארפס לייט ערפרישען דאס בלוט און פערשטארקען די קרעפטען פון די שטעדטישע איינוואהנער. דערווייל, הייסט עס, די ערד־ארבייטער מאסע האט נאך אין זיך גענוג רעזערווע כוחות, צו פערגלעטען דעם געפעהרליכען איינפלוס פון דער אינדוסטריע אויף די שטעדטישע איינוואהנער.

בנוגע צו אונזער פאלק, וועלכעס בעשטעהט אינגאנצען פון שטעדטישע איינוואהנער, איז די אגרארנע פראגע — א שאלה פון לעבען אדער טויט הן עקאנאמיש והן ביאלאגיש פאר'ן גאנצען פאלק.

ווען מיר ווילען — בנוגע צום יודענטום — שטעלען ריכטיג די עקאנאמישע פראבלעמע, מוזען מיר זי אזוי פארמולירען: *אויף וואס פאר א מין אופן און וואו קענען מיר בעסער און גיכער דערגרייכען די ריכטיגע צוטיילונג פון די עקאנאמישע פונקציעס צווישען דעם יודישען פאלק, ד. ה., בילדען צווישען איהם א גרויסע ערד־ארבייטער קלאסע, אלס פונדאמענט פון פאלקס־סאציאלער ווירטשאפט, א קלאס פון אינדוסטריעל־ארבייטער און א קלאס פערמיטלער צווישען די אבנעמער און פראדוצירער, דער צו אין אזעלכע פראפארציעס, אז זיי זאלען גאראנטירען די פראגרעסיווע ענטוויק־*

לונג פֿונ׳ם גאַנצען פֿאָלק אין אַלע הינזיכטען? נאָך אונזער מיינונג, איז דאָס די איינציגע ריכטיגע פֿאָרמולירונג פֿון דער עקאָנאָמישער אויפֿגאַבע, אין דעם וואָס אַנבעלאַנגט דעם איצטיגען יודענטום, ווייל אַלע פֿעלקער, וועלכע פֿיהרען אַ נאָרמאַלעס לעבען, זענען אין דער איצטיגער צייט צוזאַמענגעשטעלט פֿון אַזעלכע דריי עקאָנאָמישע גרופּען.

די מחברים פֿונ׳ם זאַמעלבוך האָבען פֿערשטאַנען די גאַנצע וויכטיגקייט פֿון דער פֿראַגע: אויף וויפֿיעל ס׳איז מעגליך צו בעשאַפֿען יודישע ערדאַרבייטער אין רוסלאַנד און האָבען זיך געפּרובט זי פֿער־ענטפֿערען.

איבערדעם הייבען־אָן די מחברים זייער אויספֿאָרשונג איבער דער לאַגע פֿון דער יודישער ערד־אַרבייטונג. און מען דאַרף מודה זיין, אַז פּונקט די טייל פֿון זייער אַרבייט איז מוסטערהאַפֿט. מען זעהט, אַז אָט די טייל פֿון דער יודישער ווירטשאַפֿט איז אויסגעפֿאָרשט געוואָרען מיט אַ בעזונדער ליבשאַפֿט און אין אַלע פּרטים.

מיר ווֹעלען אַצונד בעטראַכטען די פֿאַקטען, וועלכע אונזערע אויספֿאָרשער האָבען צונויפֿגעקליבען און זעהן צו וואָסערע רעזול־טאַטען זיי זענען געקומען.

נאָך אין יאָהר 1804 האָט די רוסישע רעגירונג אָנגעהויבען צו־ציהען די יודען צו דער ערד־אַרבייט; נאָר בעזאָנדערס האָט זיך שטאַרק בעמיהט איינצופֿלאַנצען ערד־אַרבייט צווישען יודען „די איינ־ריכטונג וועגען יודען״ פֿון יאָהר 1835.

אין 1859 האָט גענומען בלאָזען אַ פֿערקעהרטער ווינד: פֿון דער צייט אָן האָט מען שוין ניט נאָר מעהר ניט מיט־געהאָלפֿען די יודען צו ווערען ערד־אַרבייטער, נאָר אין יאָהר 1864 האָט מען זיי פֿערבאָטען קויפֿען ערד אין 9 גובערניעס, און מיט די „דערווייליגע געזעצען פֿונ׳ם יאָהר 1882״ איז שוין יודען פֿערבאָטען געוואָרען ניט נאָר קויפֿען, נאָר אַפילו דינגען ערד. ניט־קוקענדיג דערויף וואָס די קאָלאָניזאַציע האָט זיך געפֿיהרט אָהן אַ סדר און אָהן ערפֿאָלג,

דאָך האָט די אויספאָרשונג (אין 1897) קאָנסטאַטירט, אַז „אין מערב־רוסלאַנד (צורעכנענדיג פוילען) וואהנען אין די יודישע קאָלאָניעס 13,059 פאַמיליעס מיט 75,887 נפשות, וועלכע האָבען צו בעאַרביי־טען 113,030 דעסיאַטין ערד“.

נאָר ווייל די הכנסה פונ׳ם ווירטשאַפט איז זעהר קליין, איבער מאַנגעל אין ערד און אינווענטאַר, „לעבען ניט אַלע קאָלאָניסטען פון דער דאָרפס־ווירטשאַפטליכער אַרבייט“.

די אָרטיגע אויספאָרשונג האָט דערוויזען, אַז פון די 75887 נפשות, וועלכע געפינען זיך אין די יודישע קאָלאָניעס, בעשעפטיגען זיך ווירקליך מיט „ערד־בעאַרבייטונג אין שטרענגען זינען פונ׳ם וואָרט“ נאָר 8927 פאַמיליעס מיט 51,539 נפשות, דאָס הייסט, אַ׳ן ערך 2 דריטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג אין די קאָלאָניעס.

נאָר מען בעדאַרף ניט פערגעסען, אַז עס געפינען זיך נאָך אַנ־דערע עלעמענטען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט ערד־אַרבייט. „אַלס זעהר אַ וויכטיגען רעזולטאַט פון אַ ריכטיגער אויספאָרשונג, בעמער־קען די מחברים, בעדאַרפען מיר אַנערקענען די בעשטעטיגונג פון דעם פאַקט, אַז אַ בעדייטענדער טייל יודען אויסער די קאָלאָניעס בעשעפטיגען זיך מיט דאָרפס־ווירטשאַפט“, היינו, מיט ספּעציעלע צווייגען פון דאָרפס־ווירטשאַפט, ווי: גרינס־ און פרוכטגערטנעריי, מילך־פערמען, טאַבאַקס־פּלאַנטאַציע, ווייַנבוי, וויין־אַרבייטונג, ביהנענ־צוכט און אַנדערע ספּעציעלע קולטורען. סך־הכל בעשעפטיגען זיך מיט די אַרטען ערד־אַרבייט 21,521 נפשות, אָדער, וויסענדיג, אַז „יעדער אַרבייטס־פעהיגער פערזאָן קאָן אויסהאַלטען נאָר צוויי ניט־אַרבייטס־פעהיגע, וועט אויסקומען, אַז פון ספּעציעלע מינים דאָרפס־ווירטשאַפט לעבען אַן ערך פון 65,000 יודישע נפשות.

צורעכנענדיג יודישע ערד־אַרבייטער און פּאָסעסאָרען, וועלכע פיהרען אַ זעלבסטשטענדיגע ווירטשאַפט, און, ענדליך, אויך די, וואָס געהען אויף פעלד־אַרבייט, וועלען מיר בעקומען אַזאַ בילד פון יודי־שער דאָרפס ווירטשאַפט:

| | | |
|---|---|---|
| מיט ערד=אַרבייט אין די קאָלאָניעס בעשעפטיגען זיך . . . . . . . | 51.539 | נפשות |
| מיט ספּעציעלע אַרטען דאָרפס=ווירטש. . | 64.563 | " |
| מיט ערד=בעזיצערײַ און פּאסעסיעס . | 19.930 | " |
| מיט פעלד=אַרבייט . . . . . . . | 12.901 | " |
| סך=הכל : | 148.933 | " |

„אַלזאָ, ביז 150,000 יודען ערנערען זיך מיט דאָרפס=ווירטשאַפטליכע בעשעפטיגונגען". דאָס הייסט, אַן ערך 3 פּראָצענט פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד. אפילו ענגלאַנד, וועלכע איז דאָס גרעסטע אינדוסטריעלע לאַנד אין דער וועלט, האָט אויך צעהן מאָל אַזוי פיעל ערד=אַרבייטער. צום בעדויערן, האָבען די מחברים פונ'ם זאַמעלבוך געמאַכט אַ גרויסען פעהלער דערמיט, וואָס זיי האָבען פערביטען דאָס וואָרט „בעשעפטיגען זיך" מיט'ן וואָרט „לעבען": לעבען דען ווירקליך די 12,901 יודען, וועלכע געהען אויף פעלד=אַרבייט, פון דאָרפס=ווירטשאַפט אפילו אַלס טאָג=אַרבייטער? ווייזען דען די מחברים אַליין אויף אַן אַנדער אָרט ניט אָן, אַז אַרבייט טראָגט אויף זיך נאָר אַ דערוויילענדיגען האַראַקטער, און אַז דאָס פערדינסט האָט קיין ממש נישט? די הויפּט=בעשעפטיגונג פון די מענשען איז מעקלערײַ, האַנדעל, טאָג=אַרבייט, און דער עיקר — הראָנישער הונגער, נאָר זומער=צײַט, אין דער רעכטער צײַט פון אַרבייט, ווען ביי די ערד=בעזיצער פעהלען ניט=יודישע אַרבייטער, פערדינען די יודען עפּיס וואָס פון פעלד=אַרבייט. אויך איז איבערגעטריבען די צאָהל פון די, וועלכע לעבען פון ערד=בעזיצערײַ און פּאָסעסיאָן, וואו זעהר אָפט קען די דאָרפס=ווירטשאַפט ניט געבען קיין ערנעהרונג פאַר דעם גאַנצען הויזגעזינד, און איינער אָדער עטליכע מיטגלידער פון דער פאַמיליע מוזען זיך, בכדי אויסצופולען דעם בודזעט, בעשעפטיגען מיט זייטיגע עסקים. אויך בעדאַרפען מיר פערקלענערען די צאָהל פון די, וואָס לעבען אויסשליסליך ביי די ספּעציעלע צווייגען פון דאָרפס=ווירטשאַפט, ווייל צו דער צאָהל איז

געווים אויך צו־גערעכענט די יונגוואַרג. מיר וועלען געווים ניט געהן געגען אמת, ווען מיר וועלען זאָגען, אַז די ווירקליכע צאָהל פֿון די יודען, וועלכע לעבען פֿון דאָרפֿס־ווירטשאַפֿט, דערגרייכט קוים 100,000, ד. ה., 2 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער יודישער בעפֿעלקערונג. נאָר, אויב נאָך די אַלע בעגאַנגענע פֿעהלער פֿון דער רעגירונג, ביי דער אונסיסטעמאַטישער אָרגאַניזירונג פֿון דער יודישער קאָלאָניזאַציע, אויב נאָך די אַלע שווערע בעגרענצונגען, אונטער וועלכע דער יודענטום אין רוסלאַנד האָט זיך געפֿונען אין קריטישען מאָמענט פֿון זיין עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, — געפֿינען מיר דאָך 100,000 יודען, וואָס בעשעפֿטיגען זיך מיט ערד־אַרבייט און לעבען דערפֿון, איז דאָס דער בעסטער בעווייז, אַז יודען, הגם זיי זענען שוין גאַנצע 2000 יאָהר אָבגעריסען פֿון דער ערד, זענען דאָך פֿעהיג צו דער ערד־אַרבייט. בעזאָנדערס איז זעהר בעלערענד דער ביישפּיל פֿון די יודען, וועלכע, אָהן שום זייטיגער הילף, נאָר געצווינגען דורך דער נויט און מיט איינענער איניציאַטיווע, בעשעפֿטיגען זיך מיט לאַנד־ווירטשאַפֿט.

נאָר די מחברים פֿונ'ם זאַמעלבוך בעגנינגען זיך ניט מיט דער בעשטעטיגונג פֿון דעם וויכטיגסטען פֿאַקט; זיי זענען געגאַנגען ווייטער. זיי פֿרעגען: „און וואָס וועט זיין אין דער צוקונפֿט?“ די פֿראַגע איז זעהר וויכטיג און מיר וועלען ברענגען די גאַנצע ציטאַטע: „ביים סוף וועלען מיר זיך אָבשטעלען ביי דער פֿראַגע: איז מעגליך די ווייטעריגע צוציהונג צום לאַנד־ווירטשאַפֿט אין תחום? וואָס אַנבעלאַנגט קאָלאָניזירען אַצונד די יודען, בכדי זיי זאָלען זיך בעשעפֿטיגען מיט ערד־אַרבייט, — וואָלט איצט בעגעגענט גרויסע שוויריגקייטען. די דאָרפֿס בעפֿעלקערונג, וואָס האָט שטאַרק זיך פֿערגרעסערט און ליידעט איבער דער ערד־מאַנגעל, האָט אומעדום געהויבען די פּרייז אויף דער ערד, ניט נאָך דעם ערך פֿון איהר ווירקליכע הכנסה. אין תחום קאָסט אַ דעסיאַטינע „שוואַרצע ערד“ שוין העכער 100 רובל. צו אַ ביליגער פּרייז קאָן מען געפֿינען נאָר גאָר געמיינע ערד. ביי ניט גינסטיגע

תּנאים, אין װעלכע עס געפֿינט זיך די רוסישע לאַנד־װירטשאַפֿט (ניכער, די אײראָפּעאישע לאַנד־װירטשאַפֿט), בעצאָהלט זיך די ערד־אַרבײט זעהר שלעכט. איבערדעם װעט די יודען זעהר שװער זײן אויסצוצאָהלען פֿון אַזאַ קלײנער הכנסה פֿאַר די היבשע חלקים ערד, װעלכע מען מוז האָבען, בכדי צו בעשעפֿטיגען זיך מיט ערד־אַרבײט. בקיצור: *דורך רײנע עקאָנאָמישע סבּות קענען די יודען אין רוסלאַנד ניט װערען קײן ערדאַרבײטער.* און אויף װיפֿיעל די לאַגע פֿון די רוסישע פּויערן װעט זיך פֿערבעסערן, אויף אַזוי פֿיעל װעלען שטײגען די פּרײזען אויף דער ערד.

נאָר דאָס געפֿינען די מחברים יאָ פֿאַר מעגליך: צו־ציהען װאָס מעהר די יודען צו דער בעשעפֿטיגונג בײ די פֿערשידענע ספּעציעלע צװײגען פֿון לאַנד־װירטשאַפֿט, װאָס פֿאָדערען ניט אַזױנע גרױסע חלקים ערד און בעצאָהלען זיך בעסער, װי אַקערבױ.

דערבײ פֿערגעסען זײ אָבער, אַז די גאַנצע רוסישע ערדאַרבײט װעט מוזען צוביסליך איבערגעהן צו נײע קולטורען. אויך װעלען זיך די יודען מוזען רעכנען מיט דער קאָנקורענץ פֿון די פּויערים, הן בײ דער ערד קױפֿען והן בײם פֿערקױפֿען פֿון די פּראָדוקטען. מיר לײקענען ניט אָב די מעגליכקײט, אײנריכטען עטליכע טױזענד יודישע פֿאַמיליעס בײ דער צװײג װירטשאַפֿט — פֿערשטעהט זיך, בײ גינסטיגע אויסערע תּנאים —, נאָר ניט דערמיט קאָן מען פֿערענטפֿערען די יודישע פֿראַגע אין רוסלאַנד, ניט דערמיט קאָן מען אפילו פֿערבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע. דאָס איז נאָר אַ מיטעל אויף דערװײל, װעלכער פֿאָדערט נאָך דערצו — פֿיעל מיה אויך צו פֿערװירקליכען איהם.

אונז בלײבט נאָך צו בעטראַכטען די פֿאַקטען איבער דעם אינערליכען בעשטאַנד פֿון די יודישע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד. דאָס איז נײטיג ניט נאָר צוליעב דעם, אַז מיר זאָלען זיך קענען פֿאָרשטעלען אויף װיפֿיעל די ערד־אַרבײט קען בײ די איצטיגע תּנאים גאַראַנטירען אַ נאָרמאַל־עקסיסטענץ פֿאַר די, װעלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט איהר: פֿאַר אונז האָט דער אַנאַליז פֿונ'ם אינערליכען בעשטאַנד

אין די קאָלאָניעס די בעדייטונג פֿון אַ סאָציאַלישער פראַגע; פֿון דעם ביישפּיל זעהען מיר ניט נאָר ווי אַזוי מען בעדאַרף קאָלאָניזי־רען, נאָר ווי אַזוי מען בעדאַרף ניט קאָלאָניזירען. און אונז דאַכט זיך, אַז די, וועלכע פֿאַנטאַזירען וועגען אַ מאַסען־קאָלאָניזאַציע פֿון די יודען — צו זיי געהערען אויך די ציוניסטען — בעדאַרפֿען בע־זונדער דאַנקבאַר זיין די מחברים פֿונ׳ם זאַמעלבוך פֿאַר זייער אויס־פֿאָרשונג אין אַלע פּרטים די עקזיסטירענדע יודישע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד.

די פֿאַקטען זענען ווירקליך זעהר בעלעהרענדע.

לאָמיר צום ביישפּיל, נעהמען די קאָלאָניעס אין חערסאָנער גו־בערניע. „בעת דער קאָלאָניזירונג האָט יעדע יודישע פֿאַמיליע בע־קומען אויף איהר חלק צו 30 דעסיאַטין ערד, חוץ 10 דעסיאַטין רע־זערוו". הייסט דאָס, פֿולע גלייכהייט צווישען אַלע מיטגלידער פֿון דער קאָלאָניע.

אין פֿערלויף פֿון עטליכע צעהנדליג יאָהר איז די גלייכהייט אינגאַנצען פֿערשוואונדען געוואָרען.

ערשטענס, זענען פֿערקלענערט געוואָרען די חלקים ערד פֿאַר יעדער פֿאַמיליע פֿון 30 אויף 11, 27 דעסיאַטין, ד. ה., זיי זענען פֿער־קלענערט געוואָרען אויף 2,7 מאָל. דאָס איז די נאַטירליכע פֿאָלגע פֿון דער בעפֿעלקערונגס פֿערגרעסערונג אין די קאָלאָניעס. פֿון 1859 ביז 1898 יאָהר האָט זיך פֿערגרעסערט די צאָהל פֿון די פֿאַמיליעס אויף 127,7% (פֿון 1428 פֿאַמיליעס איז געוואָרען 3252), און די צאָהל פֿון די נפשות האָט זיך פֿערגרעסערט אויף 124,6%, (אַנשטאָט 10,641 איז שוין געוואָרען 23,901). נאָר די צוטיילונג פֿון דער ערד צווישען די פֿאַמיליעס און הייזער האָט זיך בעדייטענד פֿערענדערט. אָט איז געגענצליך די טאַבעלע:

| די גרופען הייף נאך דער גרויס פון זייערע חלקים ערד | די מאָס דורכשניטליך פון זייערע חלקים ערד אַבסאָליוט | אין % |
|---|---|---|
| אָהן ערד . . . . . . . | 611 | 19,1 |

| | | | |
|---|---|---|---|
| וואס האבען ביז 5 דעסיאטין | 3,8 | 483 | 15,2 |
| וואס האבען פון 5 ביז דעס. | 8,5 | 835 | 26,2 |
| וואס האבען 10—20 דעס. | 15,3 | 278 | 22,9 |
| וואס האבען מעהר פון 20 דעס. | 30,0 | 529 | 16,6 |
| | 11,3 | 3187 | 100 |

די לעצטע גרופע, וועלכע פערנעמט איינגאנצען 1 זעקסטע טייל פון אלע הייף, פערמאגט 44,1 (כמעט די העלפט) פון דער גאנצער ערד, און 1 פינפטעל הייף האבען להלוטין קיין ערד ניט. דערביי 62,8 פראצענט (כמעט 2 דריטעל) הייף, וועלכע האבען מעהר ווי צו 20 דעסיאטין, זענען ניט אומשטאנד אליין צו בעארבייטען זייער אייגענע ערד, ווייל אדער זיי האבען גאר ניט (12,9 פראצענט), אדער זיי האבען צו איינע ארבייטער (49,9 פראצענט), ד. ה., זיי מוזען דינגען ארבייטס־קראפט. „אזא צושטאנד, פונ'ם ווירטשאפטליכען געזיכטס־פונקט, קאן ניט אנערקענט ווערען אלס ווינשענסווערט, ווייל א בעדייטענדער טייל פון דער בעפעלקערונג און דערצו נאך דער סאמע יונגסטער, ניט האבענדיג קיין ערד, איז געצוואונגען זיך צו נעמען צו זייטיגע בעשעפטיגונגען".

אייגענטליך איז דער צושטאנד ניט נאר ניט־ווינשענסווערט, נאר פשוט שעדליך, ווי עס ווערט קלאר דערוויזען מיט דעם פאקט:

גרופען הייף.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אהן פערד | 1018 | הייף אדער | 31,9°/0 |
| מיט איין פערד | 216 | " " | 6,8°/0 |
| מיט צוויי און מעהר פערד | 1953 | " " | 6,8°/0 |
| | 3187 | הייף אדער | 100°/5 |

דער ערד־ארבייטער פון דער ערשטער גרופע האט ניט די מעגליכקייט אליין צו פיהרען א ווירטשאפט און מוז אדער געהן ארבייטען צו יענעם אלס טאג־ארבייטער, אדער ער נעהמט זיך צו אנדערע בעשעפטיגונגען. און אזעלכע קאלאניסטען געפינען זיך אין

הערסאָנער קאָלאָניעס 2 פֿינפֿטעל פֿון דער גאַנצער צאָהל. אַזעלכע פֿאַקטען וואָלטען געוועזען אונמעגליך, ווען די קאָלאָניעס זאָלען זיין געגרינדעט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, ביי וועלכע יעדע פֿאַמיליע קאָן נאָר האָבען אַזויפֿיעל ערד, וויפֿיעל זי איז אומשטאַנד צו בעאַרבייטען מיט די אייגענע קרעפֿטען.

## VI.

מיר האָבען פֿערענדיגט די איבערזיכט וועגען די סטאַטיסטישע אויספֿאָרשונגען דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿונ'ם רוסישען יודענטום. נאָר איידער מיר וועלען איבערגעהן צו די רעזולטאַטען, וועלכע שטעלען זיך אַליין פֿאַר יעדען ניט-פֿעראינטערעסירטען לעזער, וועלען מיר נאָך בעטראַכטען דאָס ציפֿערן-בילד פֿונ'ם יודישען אָרעמקייט. דער דאָזיגער פֿראַגע האָט דער זאַמעלבוך אָבגעטיילט אַ בעזונדער קאַפּיטעל אונטערן נאָמען: „נויט און צדקה".

פֿערשטעהט זיך, אַז קיין שום צדקה איז ניט אומשטאַנד צו שטרייטען מיט'ן אָרעמקייט. איבערדעם קאָן מען אָננעמען אַלס נאָרמע, אַז די צאָהל פֿון די וועלכע קומען אָן צו דער צדקה, איז די צאָהל פֿון די, וואָס הונגערען סיסטעמאַטיש. און אָט אויפֿ'ן יסוד פֿון פּונקטליכסטע פֿאַקטען ווייזט זיך אַרויס, אַז אין די אויסגעפֿאָרשטע געגענדען האָבען זיך פֿון 709,248 יודישע פֿאַמיליעס 132,855 גענויטיגט אין הילף, ד. ה., זיי זענען ניט געוועזען אין שטאַנד צו פֿערדינען זייער הזונה — כמעט אַ פֿינפֿט חלק (18,8 פּראָצענט) פֿונם גאַנצען יודענטום זענען עניים ואביונים. אַזאַ מין פֿאַקט בעגעגענט זיך ניט ביי קיין שום ציוויליזירט פֿאָלק. אַז מיר וועלען רעכנען נאָר די בעפֿעלקערונג פֿון די שטעדט און שטעדטליך (די יודען זענען דאָך מייסטענס קאָנצענטרירט נאָר אין די שטעדט און שטעדטליך), „וועלען די יודישע אָרעמע לייט אַליין פֿאָרשטעלען ניט

ווענ͏יגער, ווי 7 פּראָצענט פון דער אַלגעמײנער בעפעלקערונג", ד. ה., „אין מערב־רוסלאַנד געבען די יודען אַלײן אַרוים פון זיך אַזאַ גרויסען פּראָצענט אָרעמע לײַט, ווי אין אײראָפּאַ — די גאַנצע בעפעלקערונג, אי דאָס פון גאָר די גרעסטע שטעדט". נאָר ווען מיר ווע‍לען זיך רעכנען מיט די גרויסע שטעדט, וואו עס געפינען זיך גרויסע יודישע קהילות, וועלען מיר בעקומען אַ סך־הכל פון נאָך מעהר שרעקליכע ציפערן. די צאָהל פון די נויטבעדערפטיגע פאַמיליעס אין די גרויסע שטעדט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ווילנא . . | 4830 | פאַמיליעס אָדער פּראָצ. | 37,7 |
| זשיטאָמיר . | 1300 | " " " | 29,5 |
| דווינסק . . | 1996 | " " " | 30,9 |
| קרעמענטשוג . | 1600 | " " " | 25,7 |
| יעקאַטערינאָסלאַוו | 1830 | " " " | 25,4 |
| ניקאָלאַיעוו . | 920 | " " " | 28,7 |
| מינסק . . | 1719 | " " " | 17,1 |

„אויף אַזאַ אופן איז אינ'ם גרעסטען טײל פון די רעגעסטרירטע גרויסע פונקטען די צאָהל פון די נויטבעדערפטיגע פאַמיליען צווישען 25 ביז 37,7, ד. ה., פון אַ פירטעל ביז אַ דריטעל פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג מוז אָנקומען צו צדקה".

און דאָס איז אָהן אַ שום ספק, אַז דאָס יודישע אָ־עמקײַט פּראָגרעסירט, אַ דאַנק די עקסטרע סבות (מלחמה) און, דער עיקר, דורך פשוט'ע ניט נאָרמאַלע סבות, וועלכע ליגען ניט אין די יורידישע תנאים פונ'ם יודישען לעבען, נאָר אין דער אַלגעמײנער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פונ'ם לאַנד און אינם נאַציאָנאַלען אַנטאָגאָניזם. אויף די סבות ווײַזען־אָן אויך די מחברים פונ'ם זאַמעלבוך, וועלכע זענען אַײנגעהאַלטען בכלל אין דער ערקלערונג פון די פאַקטען. אין די ראַיאָנען, פון וועלכע מ'האָט געקאָנט בעקומען פערגלײַכונגס־פאַקטען פאַר 5 יאָהר, פון 1894 ביז 1898, האָט זיך די צאָהל פון די נויטבעדערפטיגע

פֿאַמיליעס פֿערגרעסערט פֿון 85,183 ביז 108,922, ד. ה., אין משך פֿון 4 יאָהר האָט זיך די צאָהל פֿערגרעסערט אויף 27,9 פּראָצענט, אין דער צייט, ווען דער צו־וואוקס פֿון דער בעפֿעלקערונג אין דעם משך האָט קוים דערגרייכט 6 פּראָצענט (5,04 פּראָצענט). וואָס איז די סבה דערפֿון? אויסער פֿערשידענע קריזיסען און אַנדערע צופֿעליגע סבות, שפּיעלט דאָ די הויפּט־ראָלע פֿאָלגענדע אומשטענדען: „ביים ענטוויקלונג און פֿערבעסערונג פֿונ'ם עקאָנאָמישען אומזאַטץ אין לאַנד, האָט זיך אויך געמוזט פֿערקלענערען די ראָלע פֿון די יודישע פֿערמיטלער (אינ'ם בריטען זינען פֿונ'ם וואָרט): די באַהנען־ענטוויקלונג, דאָס גרינדונג פֿון ברויטס־עלעוואַטאָרס ביי די סטאַנציעס, די פֿערברייטערונג פֿונ'ם באַנקס־קרעדיט פֿאַר די גרויסע און מיטלע סוחרים, האָט דערהרג'עט די טהעטיגקייט פֿון אַ סך טויזענטער פֿוהר־הענדלער, קאָמיסיאָנערען פֿון קליין־קרעדיט און קליינע סוחרים. אויך שעדליך האָט געווירקט אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון דער יודיש־סוחרישער וועלט דאָס פֿאַלען פֿונ'ם ברויט־האַנדעל, דאָס פֿעראָרעמקייט פֿון פֿיעל גוט־בעזיצער, די בעוועגונג לטובת דער עקאָנאָמישער זעלבסט־הילף אין דער פּוילישער געזעלשאַפֿט און, אַלס רעזולטאַט דערפֿון, דער בויקאָט פֿון די יודישע בעלי־מלאכות און סוחרים, דאָס איינווענדען פֿון ווירטשאַפֿט־סיסטעם פֿאַר די קרוין־בנינים און צו שטעלעכטסען און... דאָס איינפֿיהרונג מאָנאָפּאָל אויף בראַנפֿען". אָט די אַלע אויסגערעכענטע סבות זענען ניט קיין צופֿעליגע, נאָר זיי זענען איינגעוואָרצעלט אין די אָביעקטיווע תנאים פֿונ'ם רעעלען לעבען, און דעריבער איז קיין שום זאַך ניט אין שטאַנד אָבשטעלען דעם צו־וואוקס פֿון דעם אָרעמקייט צווישען דער יודישער בעפֿעלקערונג אין רוסלאַנד.

דעם רעזולטאַט בעשטעטיגען נאָך די פֿאַקטען: מיר זעהן, אַז דאָס אָרעמקייט פֿערגרעסערט זיך צווישען די יודען אויך אין די גובערניעס, וואו די פֿאַבריקס־אינדוסטריע איז גענוג ענטוויקעלט.

היינט זעהן מיר אויך, אז אין די דרום=גובערניעס, וואו די אינדוסטריע האט זיך גאר שטארק ענטוויקעלט, האט זיך די צאהל פון די נויט=בעדערפטיגע א סך מעהר פערגרעסערט, ווי אין די אינדוסטריעלע גובערניעס פון צפונית=מערבית געגענד און פון פוילען. אין דער צייט, ווען אין יעקאטערינאסלאווער גוב. האט די דאזיגע פערגרעסערונג דערגרייכט אינ'ם משך פון 1894—1898 41,9 פראצענט, אין חערסאנער גוב. 39,6 פראצענט, געפינען מיר אין גראדנער גוב. נאר 20,8 פראצענט, אין מינסקער — 17,3 פראצענט, און אין ווארשויער נאר 6,7 פראצענט, אויב מיר ווען זיך דערמאנען, אז יודען איבערהויפט נעמען א אנטייל אין דער אינדוסטריע פון דער צפונית=מערבית געגענד און פון פוילען און אז די יודישע ארבייטער געפינען ארבייט כמעט נאר ביי די יודישע אונטערנעמער, וועט אונז דער רעזולטאט ניט הידוש'ען: דארטען, וואו ס'איז פארהאנען א יודישע אינדוסטריע, דארט איז א געוויסע טייל פונ'ם יודישען הוילען פראלעטאריאט גאראנטירט פון פאופעריזם. נאר מיט דער צייט מוז א גאנצע מאסע קליינע יודישע אינדוסטריעס פערשווינדען ווערען דורך דער קאנקורענץ פון די גרויס=קאפיטאליסטישע פאבריקען, וועלכע געהערען געוועהנליך צו ניט=יודען, און וואוהין די יודישע ארבייטער האבען קיין צוטריט ניט.

מיר ווען נעהמען פאר א ביישפיל אזא שטאדט, ווי אדעס, וואס איז א צענטער פון אינדוסטריע און האנדעל. צווישען די 150,000 יודישע איינוואהנער אינ'ם יאהר 1900 האבען זיך געפונען 48,549 נ ו י ט ב ע ד ע ר פ ט י ג ע, ד. ה., א דריטעל פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג. אין משך פון איין יאהר נאר האט זיך דאס ארעמקייט אין אדעס פערגרעסערט אויף 7,7 פראצענט.

נאך איין פאקט: לויט פונקטליכע ידיעות, ווייזט זיך ארויס, אז אין אדעס און יעקאטערינאסלאוו געפינט זיך דער גרעסטער פראצענט ארעמע לייט צווישען די בעלי=מלאכות, וועלכע פערלירען אי=

בער דער אינדוסטריעל ענטוויקלונג זייער פֿערדינסט דורך דער מלאכה, און אויף די פֿאַבריקען בעקומען זיי ניט קיין אַנדערע בעשעפֿטיגונג.

סײַ אין אינערליך-עקאָנאָמישען לעבען און סײַ אויך אינ'ם שטרײַט געגען דעם הויפּט-עקאָנאָמישען אומגליק — פּאַופּעריזם, איז דאָס רוסישע יודענטום אַן אָרגאַנישעס גאַנצעס, וועלכעס אַרבייט מיט אייגענע קרעפֿטען. דאָס פֿערשפּרייטעסטע מיטעל צו שטרײַטען געגען דאָס יודישע שרעקליכע אָרעמקײַט, איז דערווײַל די וואָהלטהעטיגקײַט, וועלכע איז געוויס „ניט אומשטאַנד צו פֿערבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די יודען", נאָר וועלכע איז „בײַ די איצטיגע תנאים פֿונ'ם יודישען לעבען און טהעטיגקײַט אַ נייטיגער עלעמענט אין גאַנצען יודישען לעבען".

און אָט אַרבייטען צווישען די רוסישע יודען ביז צוויי טויזענד וואָהלטהעטיגע אָרגאַניזאַציעס פֿון פֿערשידענע טיפּען. דער גרעסטער טייל פֿון זיי ברענגט ניט קיין נוצען, ווײַל זיי בעפֿרידיגען נאָר די אונמיטעלבאַרע נויט. פֿון דעסטוועגען, איין אַרט וואָהלטהעטיגקײַט וואָלט געקאָנט, בײַ אַ ברייטערע אײַנריכטונג און אָרגאַניזאַציאָן, צו ביסליך אויפֿוועקען אין דער מאַסע זעלבסטטהעטיגקײַט און איניציאַטיוו-גײַסט און וואָלט דענסטמאָל בעקומען אַ מעהר אַלגעמיינע בעדײַטונג: מיר מיינען די לײַה-קאָסען. אַפּילו אַצונד בעווײַזען זיי זייער גוטען אײַנפֿלוס אויף דער מאַסע בעלי-מלאכות און קליינע הענדלער, וועלכע בענוצען זיך מיט זיי. נאָר בכדי, אַז די וואָהלטהעטיגקײַט זאָל קאָנען ברענגען די אַלע ערוואַרטענדע נוצען, מוז זי אויפֿהערען זײַן אַ צדקה-זאַך.

---

## VII.

צו וועלכע רעזולטאַטען פֿיהרט אונז דאָס אויסלערנען פֿון די מאַטעריאַלען איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די יודען אין רוסלאַנד?

מיר מוזען זיך איבערנייעם אומקערען צו אונזער פארמולירונג פון דער גרינדליכער עקאנאמישער פראבלעמע פונ'ם רוסישען יודענטום, וועלכע איז מיט איינינע לייכטע פערענדערונגען צו־געפאסט צום גאנצען יודישען פאלק: די עקאנאמישע לאגע פון די יודען קען זיך נאר דאמאלס פערבעסערען, ווען עס וועלען ווערען ריכטיג איינגעטיילט די עקאנאמישע פונקציעס צווישען פאלק, ד. ה., דאס יודענטום, ווי אלע אנדערע נארמאלע פעלקער, מוז ווערען צוטיילט אויף ערד־ארבייטער — דער יסוד פון יעדער פאלקס־סאציאל־ווירטשאפט — בעלי־מלאכות, אינדוסטריע־פאבריקס־ארבייטער און אויף פערמיטלער צווישען פראדוצירער און אבנעמער, צווישען דער אינדוסטריע און ערד־ארבייט, און דערצו מוז די חלוקה זיין אויף אזא אופן, אז זי זאל גאראנטירען די פראגרעסיווע ענטוויקלונג פונ'ם גאנצען פאלק אין אלע הינזיכטען.

און אט איז די ערשטע פראגע, וועלכע מיר מוזען זיך שטעלען: איז מעגליך צו ערווארטען אזא מין חלוקה פון עקאנאמישע פונקציעס צווישען דעם רוסישען יודענטום? דערביי, פערשטעהט זיך, מוזען מיר זיך רעכנען מיט דער ווירקליכקייט, און ניט מיט פאנטאזיעס איבער דעם, וואס עס וועט זיין אדער וואס קאן זיך טרעפען אין א 2 — 3 הונדערט יאהר ארום.

אויף דער פראגע מוזען מיר, אויפ'ן גרונד פון אלע אויבענגעבראכטע פאקטען, ענטפערען: ניין. א ברייטע מאסען־פערוואנדלונג פון די רוסישע יודען אין ערד־ארבייטער איז אין רוסלאנד להלוטין אונמעגליך דורך ריינע סאציאל־עקאנאמישע סבות. דא, ווי איבעראל, הערשט דער פרינציפ פון וואויל דעם וואס איז „האוחז ביד“. אויף וויפיעל די לאגע פונ'ם רוסישען פויער וועט זיך פערבעסערען, אויף אזוי פיעל וועט ער קאנען מעהר ערד ערווערבען און קיינער וועט ניט זיין אומשטאנד מיט איהם צו קאנקורירען. ביי נארמאלע לעבענסבעדינגונגען, וועט דער פויער עקאנאמיש מנצח זיין אפילו די גרויסע גוטס־בעזיצער.

און קוים דערלאָזען מיר ניט די מעגליכקייט צו בעשאַפען אַ קלאַס ערד-אַרבייטער צווישען די רוסישע יודען, דערמיט אַליין לייקענען מיר אויך אָב די מעגליכקייט גרונדליך צו פערבעסערען די לאַגע פון אונזער פאָלק אין גלות.

נאָר מיר מוזען זיך אויך רעכענען מיט די, וועלכע זאָגען, אַז די יודען זענען אַ אונצוטיילבאַרער חלק פונם אַלגעמיינעם שטאַאַטליכען אָרגאַניזם, צו וועלכען זיי געהערען יורידיש. דענסטמאָל קומט אויס אַזוי: ס'איז פאַראַן אַ רוסישער בויערשטאַנד, אַלס יסוד פון דער אַלגעמיינער רוסישער ווירטשאַפט, דערנאָך איז נייטיג אַ קלאַס בעלי-מלאכות און פאַבריקס-אַרבייטער, אויך אַ קלאַס פערמיטלער, און די יודען, אַלס אַ חלק פון דער רוסישער בעפעלקערונג, געהערען נאָר צו די לעצטע צוויי קלאַסען.

מיר וועלען דערווייל זיך אָבשטעלען נאָר אויף דער עקאָנאָמישער זייט פון דער פראַגע. ערשטענס, מיט וואָס ערקלערט זיך דער פאַקט, אַז יעדער קריזיס, ווי אַ מלחמה, ניט קיין גערעטעניש און ד. ג. ווירקט גיכער און שטאַרקער אויפ'ן יודענטום? דאָס מוז יעדער מודה זיין אַז די לעצטע מלחמה האָט געמאַכט דעם ערגסטען איינפלוס אויפ'ן גאַנצען רוסישען יודענטום. פונ'ם קריזיס האָבען געליטען ניט נאָר יודען סוחרים און פערמיטלער, נאָר אויך פערשידענע אונטערנעהמער, בעלי-מלאכות און פאַבריקס-אַרבייטער, מיט איין וואָרט, די אַלע פראָפעסיעס, מיט וועלכע יודען בעשעפטיגען זיך. בעזונדערס קאָן מען דאָס אַרויסזעהן בחוש אין אַזוינע צענטרען, ווי אָדעס, וואַרשאַ, לאָדז און ביאַלעסטאָק.

מיט וואָס אַנדערש קאָן מען דאָס ערקלערען, אַז ניט דערמיט, וואָס עס זענען ניט ריכטיג צוטיילט די עקאָנאָמישע פונקציעס צווישען די רוסישע יודען, דערמיט וואָס עס פעהלט ביי זיי די איינציגע רעזערווע קראַפט, וועלכע איז אומשטאַנד איבערצוטראָגען אַלע מינים קריזיסען, — דערמיט וואָס ביי די רוסישע יודען פעהלט דער גרויסער ערד-אַרבייטערס-קלאַס?

מיר בעדאַרפֿען זיך נאָך אויך פֿערטראַכטען איבער אַ מעהר וויכטיגערע פֿראַגע: ווי אַזוי דאַרפֿען מיר זיך פֿאָרשטעלען די אינדוסטריאַליזירונג פֿון דער יודישער מאַסע? איינינגע נעהמען־אָן פֿאַר אַ אַקסיאָמע, אַז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט, „געוויס“, זיך קענען פֿערנעהמען מיט פֿאַבריקס־אַרבייט. נאָר די סטאַטיסטישע אויספֿאָרשונגען בעווייזען אונז פּונקט דעם היפּך: מיר ווייסען שוין, אַז פֿון איין זייט פֿערגרעסערט זיך אַלץ די צאָהל פֿון די יודישע בעלי־מלאכות, הגם פֿיעל פֿון זיי עמיגרירען קיין אַמעריקע און ענגלאַנד; און פֿון דער אַנדערער זייט זעהען מיר, אַז די יודען מוזען פֿערלאָזען די פֿאַבריקען, וועלכע פֿערבייטען די האַנד־אַרבייט אויף מעכאַנישער.

נאָר אפשר איז מעגליך, אַז ביי אַנדערע תנאים פֿון דער אַלגעמיינ־בירגערליכע לאַגע פֿון די רוסישע יודען וועט די אינדוסטריאַליזאַציע פֿון דער יודישער מאַסע געהן פֿאָראויס מיט ריעזען־טריט? אפשר, ווען די רוסישע יודען וועלען בעקומען גלייכע רעכטע, וועט זיך שוין נעמען אַן ענדע אויך פֿון דער עקאָנאָמישער פֿראַגע? לאָמיר זעהן צי ס'איז ווירקליך אַזוי.

דער בעוואוסטער פּוילישער אָרגאַן „קראַי“, בעטראַכטענדיג די סבות פֿון דער יודישער עמיגראַציע פֿון גאַליציע, וואו יורידיש האָבען די יודען גלייכרעכטע, זאָגט: „זעהר נייגיריג איז די סבה, מיט וועלכער ס'ערקלערט זיך דער וואוקס פֿון דער יודישער עמיגראַציע. ווי עס ווייזט זיך אַרויס, זענען אין דעם ניט שולדיג ניט קיין פֿאַקטישע רעכטס־בעגרענצונגען (!), ניט קיין פּאָגראָמען און אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, ניט די גלייכגילטיגקייט פֿון דער גאַליציאַנער ערטליכער ממשלה, צו דער עקאָנאָמישער נויט פֿון די יודען, נאָר די ווירטשאַפֿטליכע זעלבסטשטעהעטיגקייט פֿון דער קריסטליכער בעפֿעלקערונג“.

הייסט דאָס, אַז די עיקר סבה איז טאַקע נאָר „די ווירטשאַפֿטליכע זעלבסטשטעהעטיגקייט פֿון דער קריסטליכער בעפֿעלקערונג“ און דערפֿון נעהמען זיך שוין די פֿאַקטישע רעכטס־בעגרענצונגען, די

אַנטיִסעמיטיִשע פּראָפּאַגאַנדע און, פוּן צייט צוּ צייט, אויך די פּאָגראָמען. דאָס איז נאָר אַ וואַריאַציע פוּנ'ם גענגרינדעטען לייט-מאָטיִוו, וועלכער איז בעקאַנט אונטערן נאָמען: „ווירטשאַפטליִכע זעלבסטטהעטיגקייט פון דער קריסטליִכער בעפעלקערונג". אָט פאַר וואָס מיר דענקען, אַז אויך אין רוסלאַנד וועט דער מאָטיִוו אָבהיִטען זיין קראַפט ביי אַלע לעבענס-תּנאים, נאָר אפשר מיט אַנדערע נוסחאות, ווען מען וועט אפילו היינטיִגען טאָג די יודען געבען גלייכע רעכט.

נאָר מיר בעדאַרפען גאָר ניט פערגעהן אַזוי וויִט.

די פאַקטען פוּנ'ם איצטיגען לעבען ווייזען אונז, אַז די יודען ווערען ניט צוגעלאָזט ניט נאָך צו די קריסטליִכע, נאָר אַפילו צו די גרויסע יודישע פאַבריקען, האָטש קיין שום בעגרענצונגס-געזעץ שטערט אַצונד אויך ניט די קריסטליִכע אָדער יודישע פאַבריקאַנטען צו-נעהמען יודישע אַרבייטער.

מיר האָבען שוין געזעהן, אַז דאָס ניט צו-נעהמען יודישע אַרבייטער אין די יודישע פאַבריקען פּרובט מען זיך ערקלערען מיט די סבות פון שבת-רוה און מיט'ן מאַנגעל אין יודישע מייסטערס. ווען די סבות זאָלען אַפילו זיין ריכטיגע, זענען זיי אויך ניט אָבהענגיג פון די בירגערליכע רעכטע פון די יודען. די שבת-רוה טראָגט אויך זיך אַ ריינעם קולטור-האַראַקטער. בנוגע צו דעם מאַנגעל אין מייסטערס, געפינען מיר זיך אין אַ פער'כשוף'טען קרייז: כדי מען זאָל די יודען צונעמען אויף די יודישע פאַבריקען בעדאַרף מען יודישע מייסטערס; נאָר בכדי, אַז די לעצטע זאָלען זיך אויסאַרבייטען, איז נייטיג, אַז מען זאָל צולאָזען די יודען צו די פאַבריקען, ווייל נאָר אין זיי קאָנען זיך אויסאַרבייטען טיכטיגע מייסטערס.

נאָר אין דער ווירקליִכקייט זענען פאַראַן פיעל פאַקטען, וועלכע דערווייזען, אַז ניט די שבת-רוה, ניט דער מאַנגעל אין מייסטערס זענען די אמת'ע סבות, וועלכע שטערען דער אינדוסטריאַליזאַציע פוּנ'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט.

מיר האָבען דאָך געזעהן, אַז עס זענען פֿאַראַן יודישע פֿאַבריקען, וועלכע אַרבײטען ניט צוויי טעג (שבת און זונטאָג) אין דער וואָך; מיר האָבען אויך געזעהן, אַז אויך אײניגע פֿאַבריקען זענען דאָ יודישע מײַסטערס, און דאָך זענען די אַרבײטער ניט־יודישע. מיר האָבען אויך געזעהן, אַז, סוף כל סוף, האָבען די מחברים פֿון׳ם „זאַמעלבוך" געמוזט אָנווײַזען די אמת׳ע סבה: אַז בײַ די יודישע אַרבײטער זענען „די הוצאות גרויס, און די הכנסות — קלײן", און אַז עס *לוינט בעסער* די פֿאַבריקאַנטען האַלטען קריסטליכע אַרבײט, אײדער יודישע. די מאַסע פּויערען, וועלכע די נויט וואַרפֿט אַרויס פֿון די דערפֿער אין די שטעדט, ערנידערט די אַרבײטס־פּרײַז ביז אַ מינימום, מיט וועלכען דער יוד, אַלס קולטור־אײנוואוינער פֿון דער שטאָדט, קאָן זיך ניט בעגניגען, און דערצו האָט דער יוד ניט, ווי דער פּויער, קײן שום זײַטיגע הכנסה פֿון דער ערד.

דער ניט־גלײַכער שטרײַט צווישען דעם ניט־יודישען רוב אַרבײטער אין דעם יודישען מעוט, מוז וואָס ווײַטער אַלץ מעהר שטעלען די ערשטע אין אַלע מאָל בעסערע תנאים, ווײַל זײ האַלטען זיך אין די שוין־אײַגענעמענע פּאָזיציעס, פֿון וועלכע די יודישע אַרבײטער וועלען זײ קײנמאָל ניט קאָנען פֿערטרײַבען.

אָט איבער וואָס די יודען קענען עמיגרירען נאָר אין אַזוינע לענדער, ווי ענגלאַנד און אַמעריקאַ, וואו די אַרבײטער־שכירות איז גענוג גרויס. נאָר דאָרטען קאָן זיך דער יוד אינדוסטריאַליזירען, ווײַל ווי גרויס עס זאָל ניט זײַן די שכירות זײַנע, איז זי נאָך אַלץ נידריגער פֿון דעם, וואָס עס בעקומען די דאָרט געבוירענע אַרבײטער: דעריבער איז דאָרטען דער יוד אין געוויסע בראַנזשען אינדוסטריע „קאָנקורענץ־פֿעהיג", און טאַקע איבערדעם וועט דאָרטען אויך קומען אַ צײַט, ווען די הײמישע אַרבײטער וועלען אָנהײבען פֿאָדערען, אַז מען זאָל בעגרענצען די אימיגראַציע. דענסטמאָל וועט אויך ערשײַנען דער אַנטיסעמיטיזם, וועלכער וועט וועלען שיצען די „נאַציאָנאַל־אַרבײטער".

דערפֿאַר טאַקע קאָנען מיר זײַן פֿערזיכערט, אַז ווען, על־פּי־נס, זאָלען אַפֿילו די יודישע אַרבײַטער צו־געלאָזט ווערען מאַסען־ווײַז אין די פֿאַבריקען, וואָלט זיך טאַקע באַלד אָנגעהויבען פֿערשטאַרקען „די ווירטשאַפֿטליכע זעלבסטטהעטיגקײַט פֿון דער קריסטליכער בעפֿעלקערונג", ווי מיר זעהען שוין דאָס אין פּוילען, און דער „נאַציאָנאַל־אַנטיגאָניזם" וועט ניט פֿערשווינדען ווערען אַפֿילו דענסטמאָל, ווען די יודען וועלען בעקומען גלײַכע רעכטע.

אָט פֿאַר וואָס מיר רעכנען די אַלע האָפֿנונגען, אַז אַ רוב פֿון יודישע בעלי־מלאכות און בכלל פֿון דער מאַסע קען ווערען מיט דער צײַט אַ פֿאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט, — פֿאַר בלויזע אונניצליכע פֿאַנטאַזיעס און דערצו נאָך געפֿעהרליכע, ווײַל זיי פֿערפֿיהרען די ענערגיע פֿונ'ם יודישען פֿאָלק אויף אַ פֿאַלשען וועג. קיין שום פֿערענדערונגען אין דער בירגערליכער לאַגע פֿונ'ם יודישען פֿאָלק זענען ניט אומשטאַנד צו שטרײַטען מיט די טיעפֿע עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע סבות, מיט דער עקאָנאָמישער קאָנקורענץ צווישען די אַרבײַטער און דעם „ראַסען־אַנטיגאָניזם" פֿון די פֿאַבריקאַנטען.

אַז ווידער אַזוי, אויב פֿון די יודען אין רוסלאַנד קאָן ניט ווערען ניט קיין ערד־אַרבײַטער־קלאַס, ניט קיין פֿאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט, וואָס־זשע דען בלײַבט זיי איבער?

זיי בלײַבט איינס פֿון די דרײַ: „זיי זאָלען זיך האַלטען בײַ די מלאכות און קליין־האַנדעל", אָדער „אויסשטאַרבען פֿון הונגער", אָדער עמיגרירען.

אונז בלײַבט נאָך צום סוף, אָנווײַזען אויף דער לעצטער סבה, וועלכע שטערען די יודען צו אַרבײַטען אין די יודישע פֿאַבריקען: די פֿערשטאַרקטע בעוועגונג ספּעציעל צווישען די יודישע אַרבײַטער, איבער וועלכער ס'האָט אָנגעהויבען „הערשען אַ שנאה צווישען די פֿאַבריקאַנטען און די יודישע אַרבײַטער". דאָ טרעט בעזונדערס אַרויס בולט דער גאַנצער טראַגיזם אין דער לאַגע פֿונ'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט: פֿון איין זײַט לאָזט מען איהם ניט צו דער פֿאַבריקס־אַרבײַט,

ווייל ער איז נאָך צו פֿרום, און וויל ניט מחלל שבת זיין, און פֿון דער אַנדערער זייט טרייבט מען איהם פֿון די פֿאַבריקען, ווייל ער איז שוין צו פּראָגרעסיוו, און פֿאָדערט שאַרף זיינע רעכטע. צוויי קאָנטראַסט=סבות פֿיהרען צו איין טרויעריגען רעזולטאַט, צו מאַנגעל אין ברויט, ווייל אינ'ם שטרייט פֿאַר'ן עקזיסטענץ מוזען פֿאַלען אַלע, וועלכע שטעהן העכער און נידריגער אין דער ליניע פֿון דער מאַסע. איבערדעם האָבען אַ גרויסען טעות די פֿאַנטאַזיאָרען, וועלכע האָפֿען דורך קלאַסען=אָרגאַניזאַציע פֿון די יודישע אַרבייטער צו פֿערבעסערען זייער לאַגע: דאָס רעאַלע לעבען ענטפֿערט אויף דער פּרוב דערמיט, וואָס עס וואַרפֿט אַרויס פֿון דער קאָליע הונדערטער און טויזענטער מענשען און נעהמט=צו ביי זיי אַלע לעבענס=מיטעל.

מיר בעדאַרפֿען זיך ענדליך אָבשטעלען ביי די עקאָנאָמישע רעזולטאַטען, וועלכע מיר קאָנען בעקומען, ווען די יורידישע לאַגע פֿון די יודען זאָלען זיך פֿערענדערן. לאָמיר זיך אויסמאָהלען, אַז די יודען האָבען שוין בעקומען גלייכרעכטע און די אַלגעמיינע לעבענס=תנאים האָבען זיך שוין פֿערבעסערט. וואָס וועט דענסטמאָל זיין?

אַודאי וואָלט זיך פֿערבעסערט די לאַגע פֿון די בעלי=מלאכות, אָבער נאָר אויף אַ צייט, ד. ה., ביז עס וואָלט ניט ערשיינט אַ שטאַרקע קאָנקורענציע פֿריהער דורך ניט=יודישע בעלי=מלאכות, און דערנאָך פֿון דער זייט פֿון דער גרויס=קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. יודישע אונטערנעהמער וועלען קאָנען גרינדען פֿאַבריקען אויך אין צענטראַל=רוסלאַנד. זיי וועט אָבער, אָהן שום ספק, זיין מעהר בעקוועם און עס וועט גיכער לוינען האַלטען ביי זיך אויף די פֿאַבריקען אַרבייטער פֿון יענע ערטער און ניט קיין יודישע, איידער אויסשרייבען יודען פֿונ'ם תחום, וועלכע זיי ווילען איצט אויך אין זייערע פֿאַבריקען ניט האַלטען. די עקאָנאָמישע רעכנונגען וועלען דאָך בלייבען אויך דענסטמאָל די אייגענע, וואָס=זשע אייגענטליך וועט זיך פֿערענדערן?

אָט וואָס: עטליכע טויזענד יודען, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט פֿערשידענע קוסטאַר־פּראָדוקציאָנען, וועלען זיך מעגען בעזעצען, וואו זיי ווילען, און נעבען זיי וועלען געוויס קאָנען אַרבייטען עטליכע טויזענד יודען־אַרבייטער.

אויך וועט זיך, אָהן ספֿק, פֿערבעסערען די לאַגע פֿון די יודישע פֿאַבריקאַנטען אין תּחום, ווייל זיי וועלען זיין אומשטאַנד פֿרייער צו ענטוויקלען דעם פֿערקויף פֿון זייערע פּראָדוקטען. נאָר דאָס וועט דאָך אָבער פֿיהרען דערצו, אַז די אַלטע קוסטאַר־פֿאָרמען וועלען מוזען פֿערשווינדען ווערען און זייער אָרט וועט פֿערנעהמען די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, ד. ה., די מעכאַניקע וועט פֿערטרייבען די האַנד־אַרבייט, און דעם סוף דערפֿון ווייסען מיר שוין: טויזענטער יודען, וועלכע לעבען פֿון קוסטאַר־אַרבייט, וועלען בלייבען אָהן ברויט.

ענדליך, וועלען נאָך דערהויבען ווערען דורך דער פֿערענדערונג דער גאַנצער קלאַס פֿון די יודישע פֿערמיטלער, ד. ה., פֿערשידענע סוחרים.

**מיט איין וואָרט: איבערהויפּט וועלען אויסשפּילען די יודישע גרופּען, וואָס זייער עקאָנאָמישע פֿונקציע איז פֿער׳משפּט אָדער איינגאַנצען אָבצושטאַרבען, אָדער — בעדייטענד פֿערקלענערט צו ווערען.**

הייסט דאָס, אַז די פֿערבעסערונג, וועלכע וואָלט געווען אַ גאַנץ היבשע ביים אָנהייב, וואָלט אין גיכען פֿערשווינדען געוואָרען, און עס וועט קומען צוריק דער אַלטער סדר. יעדענפֿאַלס קאָן מען אַפּילו ניט טראַכטען, אַז פֿון די מיליאָנען „הוילע יודישע פּראָלעטאַריער“ זאָל ווערען פֿאַבריק־אַרבייטער.

דערביי שטעלען מיר זיך פֿאָר אַ אידעאַלע צייט, וועלכע איז פֿריי פֿון „ווירטשאַפֿטליכע זעלבסטשטענדיגקייט פֿון דער קריסטליכער בעפֿעלקערונג“, פֿריי פֿון „פֿאַקטישע בעגרענצונגען“ און אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. און ניט קוקענדיג אויף די אַלע זיסע הלומות,

מוזען מִיר קוּמען צוּ דעם בּעשׁלוּס, אַז דִי סאָציִאַלע זײַט פֿוּן דער יוּדִישׁער פֿראַגע קאָן נִיט דאָ פֿערענטפֿערט װערען בּײַ װאָסערע ס'אִיז לעבּענס=תּנאִים.

דִי רעזוּלטאַטען קאָנען מִיר רעזיוּמִירען אִין דִי 5 טעזִיסען:

1) דִי סאָציאַלע זײַט פֿוּן דער יוּדִישׁער פֿראַגע בּעשׁטעהט אִין דעם, װִי אַזוֹי דערגרײכט מען אַ רִיכטִיגע צוּטײלוּנג פֿוּן דִי עקאָנאָמִישׁע פֿוּנקציעס צװישׁען יוּדִישׁען פֿאָלק: אַ קלאַס ערד=אַרבּײטער, אַ קלאַס װאָס בּעשׁעפֿטִיגט זִיך מִיט מלאכה= פֿאַבּרִיקס=אִינדוּסטרִיע (אוּנטערנעהמער אוּן אַרבּײטער) אוּן אַ קלאַס סוֹחרים=פֿערמִיטלער אוּן אִין אַזױנע פּראָפּאָרציעס, װעלכע זאָלען גאַראַנטִירען דִי פּראָגרעסִיװע ענטװִיקלוּנג פֿוּנ'ם יוּדענטוּם.

2) בּילדען אַ גרוֹיסען ערדאַרבּײטערס=קלאַס צװִישׁען דִי רוּסִישׁע יוּדען אִין רוּסלאַנד אִיז אוּנמעגלִיך.

3) עס זאָל זִיך אוֹיסאַרבּײטען פֿוּן דער יוּדִישׁער הוֹיל=אָרוּמער מאַסע אַ פֿאַבּרִיקס=פּראָלעטאַריאַט אִיז אִין אַלע אוֹפֿנים אוּנמעגלִיך.

4) דִי אוּנמעגלִיכקײט געװענדט זִיך נִיט אִין דער יוּרִידִישׁער לאַגע פֿוּן דִי רוּסִישׁע יוּדען, נאָר אִין טִיפֿע עקאָנאָמִישׁע סבּוֹת, װעלכע זענען נִיט אָבּהענגִיג פֿוּן דִי אוֹיסערלִיכע לעבּענס=פֿאָרמען.

5) דאָס אוֹיסגלײַכען דִי יוּדען אִין דִי רעכטע מִיט דער אַלגעמײנער בּעפֿעלקערוּנג װעט בּרענגען נוּצען נאָר דִי יוּדען, װעלכע בּעשׁעפֿטִיגען זִיך מִיט אַזעלכע עקאָנאָמִישׁע פֿוּנקציעס, װאָס זענען פֿער'משׁפּט געװאָרען אָדער גאָר בּטל צוּ װערען, אָדער בּעדײַטענד — פֿערקלענערט צוּ װערען.

---

## VIII.

מִיר האָבּען דוּרכגעלאָזט דעם װִיכטִיגסטען רעזוּלטאַט, װעלכער פֿאָלגט לאָגִישׁ פֿוּן דִי אַלע פֿאַקטען װעגען דער עקאָנאָמִיקע פֿוּנ'ם רוּסִישׁען יוּדענטוּם.

אין דער עקזיסטענץ פֿון דער יודישער נאַציאָנאַליטעט, אַלס קולטור־איינהייט, זענען מודה אַלע קלאַסען פֿונ'ם רוסישען יודענטום. זיי זענען נאָר מחולק אין זיין קינפֿטיגער ענטוויקלונג. נאָר ביז איצט האָט נאָך כמעט קיינער ניט אַנערקענט די איינהייט פֿון זיין עקאָנאָמישען לעבען. די מחברים פֿונ'ם „זאַמעלבוך" האָבען אונז איצט געגעבען די בעסטע בעווייזען, אַז עס עקזיסטירט אויך אַ עקאָנאָמישע איינהייט פֿונ'ם רוסישען יודענטום.

אַלע חלקים פֿונ'ם יודענטום זענען צוזאַמען געבונדען צווישען זיך מיט אַ פֿעסטען קשר. יודישע אַרבייטער און אויך טאָג־אַרבייטער געפֿינען אַרבייט כמעט נאָר אין די יודישע פֿאַבריקען. ביי פֿערשידענע קריזיסען זעהען מיר אַ געוויסע אַחדות צווישען פֿערשידענע גרופּען פֿונ'ם יודענטום. די פֿערמעגליכע קלאַסען צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע האָבען זיך פֿעראייניגט צו שטיצען די אַלע בעלי־מלאכות און טאָג־אַרבייטער, וועלכע זענען איבער דער מלחמה געבליבען אָהן אַרבייט. מיט איין וואָרט, מיר איבערצייגען זיך וואָס אַמאָל אַלץ מעהר, אַז דאָס רוסישע יודענטום איז צונויפֿגעקניפּט ניט נאָר מיט גייסטיגע פֿעדעם פֿון אַלגעמיינער קולטור, נאָר אויך מיט מאַטעריעלע קייטען פֿון אַ אַלגעמיינער עקאָנאָמיקע.

ווען מיר קומען צו דער איבערצייגונג, אַז אונזער פֿאָלק, קען נישט, פֿערבלייבענדיג אין גלות, ניט נאָר לעבען און ענטוויקלען זיך נאָרמאַליש אין קולטור־הינזיכט, נאָר עס קאָן אויך ניט עקזיסטירען עקאָנאָמיש, ווי עס דערווייזען דאָס בחוש די מחברים פֿונ'ם „זאַמעלבוך", דענסטמאָל מוזען מיר קומען צו דעם לאָגיש־נייטיגען בעשלוס: דער ציוניזם — דאָס איז דער איינציגער ראַדיקאַלער ענטפֿער ניט נאָר אויף אַלע קולטור־אויפֿגאַבען פֿונ'ם יודענטום, אַלס נאַציע, נאָר אויך — אויף אַלע סאָציאַלע אויפֿגאַבען פֿון זיין עקאָנאָמישער פֿערבעסערונג. נאָר דאָס פֿערווירקליכערונג פֿונ'ם ציוניסטישען אידעאַל וועט געבען אונזער פֿאָלק די מעגליכקייט נאָרמאַליש צוטיילען די עקאָנאָמישע פֿונקציעס, און ממילא אויך בעשאַפֿען אַ גרויסען קלאַס ערד־אַרביי־

טער. נאָך אונזער מיינונג, בעשטעהט דאָס הויפּט־פֿערדינסט פֿון די מחברים פֿונ׳ם זאַמעלבוך אין דעם, וואָס מיט זייער ווערק האָבען זיי בעוויזען די גלענצענדסטע בעגרינדונג פֿונ׳ם ציוניזם אויס דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען שטאַנד־פּונקט. דערצו שטעלט־פֿאָר דאָס ווערק אַ וואונדערליכע דעמאָנסטראַציע פֿון דער טעאָרעטישער וואַהרהייט און וויסענשאַפֿטליכער ווערט פֿונ׳ם ציוניזם אַלס וועלט־אַנשויאונג. פֿערשטעהט זיך, אַז יק״א האָט אפילו ניט אין זינען געהאַט צו דערווייזען די וואַהרהייט פֿונ׳ם ציוניזם. יק״א האָט נאָר געוואָלט אָהן אַ שום פּניה אויספֿאָרשען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די רוסישע יודען, און די לעבענס־וואַהרהייט האָט געמוזט גובר זיין.

דערמיט וואָס מיר בעשטעטיגען, אַז דער ציוניזם איז דער איינציגער לאָגישער רעזולטאַט פֿון דער איצטיגער יודישער לאַגע, וויַיל נאָר דער ציוניזם פֿערענטפֿערט אַלע קולטורעלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פֿונ׳ם לעבעדיגען יודענטום, — ווילען מיר ניט זאָגען, אַז אַצונד בעדאַרפֿען מיר שוין מעהר גאָר ניט טהון, און נאָר דרשנ׳ען ציוניזם. אַזאַ געדאַנק איז וויַיט פֿון אונז. דאָס לעבען וואַרט ניט און קען ניט וואַרטען. אויב מיר קאָנען ניט אין גלות ראַדיקאַליש פֿערענטפֿערען אַלע פֿראַגען, איז נאָך דערפֿון ניט געדרונגען, אַז מיר בעדאַרפֿען זיך גאָר ניט פּרובען פֿערבעסערען טאַקי באַלד און אויפֿ׳ן אָרט די יודישע לאַגע. און אין דער הינזיכט האָבען מיר געוויס פֿיעל אַרבייט פֿאַר זיך. נאָר מען בעדאַרף זיך ניט בעגניגען מיט אַלגעמיינע פֿראַזען, און אויסאַרבייטען אַ קלאָרען פּלאַן, וואָס זיין לייט־פּרינציפּ דאַרף זיין, צו העלפֿען דער פּערזענליכער אינציאַטיווע פֿון די נויט־בעדירפֿיגע. איבערדעם רעכנען מיר, אַז הילף דורך קרעדיט און פֿערשפּרייטונג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע ידיעות צווישען די בעלי־מלאכות און פֿאַבריקס־אַרבייטער קענען דינען אַלס די בעסטע מיטלען האָטשע אויף וויפֿיעל ס׳איז ניט צופֿערבעסערען די לאַגע פֿון אַ געוויסען טייל רוסישען יודענטום.

דאָס גרינדען פּראָפעסיאָנעלע שולען וואָלט געווען זעהר נוצליך אי פאַר די בעלי־מלאכות, אי פאַר די אַרבייטער. און דאָס וואָלט ניט געהייסען, „בעגרעניצען זיך מיט הילף דעם קינפטיגען דור“, ווייל בחורים פון 15—20 יאָהר געהערען שוין צום איצטיגען דור, בפרט אַז ווען מ'העלפט זיי, פערגרינגערט מען שוין אויך די לאַגע פון זייערע פאַמיליעס. אויך איז נייטיג צו פערגרעסערען די לייה־שפּאָר־קאַסען און אויך אַנדערע קרעדיט־אַנשטאַלטען, וועלכע קאָנען ברענגען גרויסע נוצען די בעלי־מלאכות און די קליין־הענדלער. מיר בעדאַרפען ניט פערגעסען, אַז אין דער פאָלקס־ווירטשאַפט זענען אַלע עלעמענטען פערבונדען צווישען זיך: אַז מיר העלפען די קליין־הענדלער, פערגרעסערן מיר דערמיט זייער קויפּס־קראַפט אויף די פּראָדוקציאָנען פון די בעלי־מלאכות, און ווידער פערקערט.

בנוגע צו אונזערע פאַבריקס־אַרבייטער, קאָנען זיי בעקומען אויסערליכע הילף נאָר דערמיט, וואָס זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו פערגרעסערען זייערע פּראָפעסיאָנעלע בילדונג. און נאָך דעם בלייבט פאַר זיי נאָר זעלבסט־הילף.

נאָך אונזער טיעפע איבערצייגונג, מוזען אונזערע אַרבייטער פריהער פון אַלעמען אַנערקענען, אַז זייערע אינטערעסען זענען פערבונדען מיט די אינטערעסען פון דער יודישער אינדוסטריע בכלל, און לויט דעם מוזען זיי בעשטימען זייערע טהעטיגקייטען.

אויפ'ן אָרט פון פערדרוס און שנאה וואָלט נייטיג געווען, אַז די אַרבייטער מיט די פאַבריקאַנטען זאָלען זיך איינס דאָס אַנדערע בעסער פערשטעהן. „צווישען די יודישע פאַבריקאַנטען, סיי די גרויסע, סיי די קוסטאַרען — לייענען מיר אין זאַמעלבוך — און זייערע אַרבייטער האָבען זיך אויסגעבילדעט אייגענטימליכע פערהעלטניסע, וועלכע בעמערקען זיך ניט, למשל צווישען די אַרבייטגעבער און אַרבייטער אין די צענטראַלע גובערניעס. אין ביאַלעסטאָקער ראַיאָן רעכענט זיך דער אַרבייטער גלייך מיט'ן פּרינציפּאַל. ער רעכענט נאָך כסדר דאָס פערדינסט פונ'ם אייגענטימער,

און ווען ער בעמערקט נאָר, אַז ס'האָט זיך פֿערגרעסערט אַפּילו מיט עטוואָס, פֿערגרעסערט ער שוין זיינע פֿאָדערונגען. מען דערצעהלט, אַז איינינע וועבער, ווען זיי ברענגען־אָב די פֿאַרטיגע אַרבייט זייערע, לעגען־צו דערביי אַ אויספֿיהרליכען חשבון פֿון אַלע הוצאות פֿונ'ם פּרינציפּאַל מיט'ן ריינעם רוח, מאַכענדיג דערמיט ווי אַ פֿאָרוואורף דעם בעל־הבית פֿאַר'ן קליינעם חלק פֿערדינסט, וועלכען ער טיילט־אָב דעם אַרבייטער". ווער ס'איז האָטש אַביסעל בעקאַנט מיט די פֿערהעלטניסע פֿון די אַרבייטגעבער און אַרבייטער אין מערב־איי־ראָפּע, אַפּילו אין די לענדער, ווי למשל ענגלאַנד, פֿראַנקרייך אָדער דייטשלאַנד, וואו די אַרבייטער האָבען מעכטיגע אָרגאַניזאַציעס, וועט מסכים זיין מיט אונז, אַז ניט נאָר אין די „צענטראַלע גובערניעס" פֿון רוסלאַנד, נאָר אויך אין גאַנץ אייראָפּע בעגעגענט מען ניט אַזעלכע פֿערהעלטניסע צווישען די אַרבייטער און אַרבייטגעבער, ווייל דער איי־ראָפּעאישער אַרבייטער ווייסט, אַז ניט מיט אַזוינע דרכים דערגרייכט זיך די פֿערגרעסערונג פֿון דער אַרבייטס־לוין.

און דער רעזולטאַט פֿון די ביאַליסטאָקער פֿערהעלטניסע ברענגט נאָר דערצו, וואָס די יודישע פֿאַבריקאַנטען פֿערבייטען די יודישע אַרבייטער אויף ניט־יודישע.

מיר וועלען דאָ בעמערקען אויף דעם פֿאַקט, אויף וועלכען עס ווייזען־אָן די אַלע, וואָס האָבען קענען־געלערענט דאָס אינדוסטריעלע לעבען פֿון פֿערשידענע לענדער: אויף וויפֿיעל די אַרבייטער זענען מעהר ענטוויקעלט, אויף אַזוי פֿיעל פֿערשטעהן זיי מעהר זייערע אינטערעסען און וואָס זיי זענען שטאַרקער זענען זיי אַלץ מעהר אויפֿמערקזאַם צו די אינטערעסען פֿון די אַרבייטגעבער און צו די פֿערענדערונגען פֿונ'ם וועלט־מאַרק. אָט פֿאַר וואָס עס האָבען די ענג־לישע אַרבייטער ניט געמאַכט קיין שטרייקען אין דער צייט פֿון דער טראַנסוואַלער מלחמה; אָט איבערוואָס איינינע פֿון זייערע פֿאָרשטעהר זענען ניט גאַנץ דאַגעגען דער צאָל־פּאָליטיק, און, ענדליך, אָט אי־בער וואָס די אידעע פֿון אַרביטראַזש (בוררות) דרינגט וואָס אַמאָל

מעהר אַריין אין די פֿערהעלטניסע צווישען די אַרבייטגעבער און אַרבייטער. מיר רעכֿענען פֿאַר געווים, אַז אויך אין דער ספֿערע פֿון דער יודישער אינדוסטריע קען די אידעע פֿון אַרביטראַזש געפֿינען אַ ברייט אָרט און זיין שטאַרק נוצליך.

מיר, פֿערשטעהט זיך, נעמען דאָ אין אַכֿט נאָר די עקאָנאָמישע זייט פֿון דער פֿראַגע. מיר ווילען איצט ניט אָנריהרען איהר צווייטע זייט: די ריין אידעאָלאָגישע, וועלכֿע ס'האָט בעשאַפֿען דער ציוניזם, וואָס זיין צוועק איז צו פֿעראייניגען אַלע קלאַסען פֿונם יודענטום אין אַ אַלגעמיינעם שטרעבען צו אַ נייַ זעלבסטשטענדיג לעבען. מיר מיינען, אַז אֲפילו פֿונ'ם שטאַנד-פּונקט פֿון שמאָל-עקאָנאָמישע טעגליכֿע אינטערעסען פֿון די יודישע אַרבייטער, מוזען שאַרפֿע קאָנפֿליקטען מיט די אַרבייטגעבער נאָר דינען, אַלס גאָר דאָס לעצטע מיטעל, און ווי ווייט מעגליך דאַרף מען איינווענדען אַרביטראַזש. אמת, מיט דעם דאָזיגען מיטעל וועלען מיר נאָך אויך ניט פֿערענטפֿערן ראַדיקאַליש די יודישע פֿראַגע, נאָר געווים וועלען מיר אויף אַזאַ אופֿן פֿיעל מעהר יודישע פֿאַבריקען אויפֿעפֿנען פֿאַר'ן יודישען פּראָלעטאַריאַט, ווי איצט.

נישט דאָ איז דאָס אָרט פֿאָרצושטעלען די פּראָגראַמע פֿון דעם, וואָס אין דער הינזיכֿט איז דאָ צו טהון. מיר האָבען נאָר געוואָלט אָנווייזען דערויף, אַז אויב די סטאַטיסטישע אויספֿאָרשונגען פֿונ'ם עקאָנאָמישען לעבען פֿון די יודען אין רוסלאַנד האָבען אונז דערוויזען, אַז דער ציוניזם קומט-אויס די איינציגע מעגליכֿע פֿערענטפֿערונג פֿון דער סאָציאַלישער זייט פֿון דער יודישער פֿראַגע, ווייזען זיי אונז אָן אין דער זעלבער צייט אויף אַ גאַנצער רייהע פּאַליאַטיווען, וועלכֿע קענען האָטשע טיילווייזע פֿערבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די יודען.

אינ'ם יסוד פֿון די אַלע פּאַליאַטיווען ליגט זעלבסטטהעטיגקייט פֿונ'ם פֿעראייניגטען יודענטום פֿון איין זייט, און פֿון דער אַנדערער זייט — געגענזייטיגע הילף צווישען אַלע טיילען.

---

אין דעם אָנהייב פון דעם אַרטיקעל האָבען מיר בעמערקט, אַז ציפערן קאָן מען אויסטייטשען פערשידען, עס ווענדט זיך ווי מען קוקט אויף זיי. מיר שטעהען אויפ'ן ציוניסטישען שטאַנד־פונקט, נאָר דאָך זענען מיר טיעף איבערצייגט, אַז מיר האָבען ניט געצוואונגען די ציפערן, בכדי צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון אונזער וועלט־אַנשויאונג. איבעריגענס, זאָל אורטיילען דעראיבער דער אונפּאַרטייאישער לעזער.

